# DI MEGLEKHKAYTN FUN DER IDISHER IMIGRATSYE UN KOLONIZATSYE IN ZID-AMERIKANISHE LEN

Z Schvartz

•



די מעגלעכקייטן פ

# אימיגראציע
און
# קאָלאָניזאציע

## אין די זיד־אַמעריקאַנישע לענדער

צוזאמענגעשטעלט: צ. שווארץ



ארויסגעגעבן פון דער געז. „איבערבוי"

בוענאָס־איירעס

1938

# די מעגלעכקייטן פון דער אידישער
# אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע
# אין די זיד־אַמעריקאַנישע לענדער

צוזאַמענגעשטעלט: צ. שוואַרץ



אַרויסגעגעבן דורך דער געז. „איבערבוי"
בוענאָס־איירעס
1 9 3 8

# די איבערבוי־אידייען און זייער רעאַליזירונג

„אינם טאָג, ווען דער איד וועט נעמען
דעם אַקער־אייזן אין האַנט, ווערט די אי־
דישע פראַגע געלייזט".

(דר. הערצל)

## 1) די אומנאָרמאַלע סאָציאַל - עקאָנאָמישע סטרוק־טור פון אידישן פאָלק.

ס'איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, וועלכן קיינער וועט נישט אָפּלייקענען, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אומנאָרמאַל אין זיין סאָ־ציאַל־עקאָנאָמישן געבוי:

א) דער איבערפלוס פון סוחרים און פאַרמיטלער, וועלכע שטייגן איבער די נאָרמאַלע פּראָפּאָרץ פון די אנדערע פעלקער;

ב) דער צו שטאַרקער אידישער געדראַנג אין די פרייע פּראָ־פעסיעס;

ג) דער קליינער פּראָצענט פון אידישע ערד־ארבעטער;

אידן לעבן אומעטום, ווי אַ שטאָטישער און הענדלער פאָלק. דאָס ווירקט זייער שלעכט אויף דער סטאַביליטעט פון זייער מאַ־טעריעלער לאַגע, אויף זייער פיזישער אַנטוויקלונג און פּסיכיק— רופט ארויס אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו זיי מצד זייערע שכנים.

## 2) די אומנאָרמאַלקייט — אַ רעזולטאַט פון א היס־טאָרישן פּראָצעס, וועלכער איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון אויסערלעכע כוחות.

א) אין זייער אייגן לאַנד, אין ארץ ישראל, זיינען די אידן געווען איבערהויפּט ערד־ארבעטער און האַנטווערקער. ניט אַנדערש איז געווען זייער באַשעפטיקונג אין די לענדער, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט נאָכן פאַלן פון דער אידישער מלוכה.

אין די לענדער פון דער רוימישער אימפעריע, וואו די אידן האָבן געגאָלטן אַלס „ציווים ־ ראָמאַני“ (רוימישע בירגער) האָבן אידן נישט געבילדעט קיין קלאַס, וואס זאָל ווירטשאפטלעך זיין אַנדערש פון דער איבעריקער באפעלקערונג.

ווען אויף דער רוימישער ערד האָבן זיך געשאַפן די ערשטע גערמאַנישע מלוכות, זיינען די אידן אַריינגעטראָטן אין דער נייער אָרדנונג אַלס רוימישע בירגער און אַלס אַזעלכע האָבן זיי באַקומען זייער חלק פון וואַלד און לאַנד.

שפעטער, צוליב דעם אסימילירונג ־ פראָצעס צווישן די קריסטלעכע רוימער מיט די קריסטלעך געוואָרענע גערמאַנער, זיינען די אידן אַראָפּגעדריקט געוואָרן פון זייער פריערדיקער לאַגע אַלס רוימישע בירגער אין א לאַגע פון א פ ר ע מ ד ע ר אומה און, אָפּגעריסן פון דער ערד, זיינען זיי געוואָרן א באַוועגלעכער עלעמענט אין מיטן פון די פעסט באַזעסענע, לאַנדווירטשאַפטלעכע אומות. עס איז בכן א נאַטירלעכער פועל־יוצא פון די אומשטענדן דאָס, וואס די אידן האָבן זיך א נעם געטאָן צו א פרנסה, וועלכע איז נאָך מעגלעך געווען א חוץ דער לאַנדווירטשאַפט און דאָס איז דער האנדל. אן אַנדער באַשעפטיקונג איז געווען פאַר זיי אויסגעשלאָסן. אויף אַזאַ אופן זיינען די אידן געווען געצוואונגען זיך צו באַשעפטיקן מיט מסחר און פאַרמיטלעריי די גאַנצע צייט, ביז סוף פון 18־טן יאָרהונדערט.

ב) אין דער לעצטער צייט פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס פון איר האָט זיך אָנגעהויבן די אידישע עמאַנציפאַציע, זיינען די אידן אין יעדן לאַנד געווען א מין גרופּע אויסלענדער, וואָס קיין אייגענע מלוכה האָבן זיי נישט און דעריבער זיינען אינטערנאַציאָנאַלע טראַקטאַטן פאַר זיי נישט גילטיק. זיי האָבן געמעגט לעבן אין באַשטימטע געגנטן און זיך באַשעפטיקן מיט געוויסע פראָפעסיעס. אין מערב־אייראָפּע האָבן די אידן געמעגט זיך באַשעפטיקן נאָר מיט קליין־האַנדל און פאַרמיטלעריי. אפילו צו קיין מלאכה האָט מען זיי נישט צוגעלאָזט. אידן האָבן זיך נישט געטאָרט אָפּגעבן מיט ערד־ארבעט. זיי האָבן נישט געטאָרט קויפן, אָדער ארענדירן ערד אויף פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאפט. די צעכן, וואס האָבן געבאַלעבאַטעוועט אין די שטעט, האָבן ניט צוגעלאָזט אידן צו קיין מלאכה און נישט צוגענומען קיין אידישע קינדער אויף דער לער.

ג) די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט גורם געווען צו דער בירגערלעכער „עמאַנציפּאַציע“, וואָס האָט געזאָלט באַדײַטן: אידן וועלן לויטן געזעץ גלייכבאַרעכטיקט מיט אַלע בירגער פון לאַנד. די מעכאַנישע און אינדוסטריעלע רעוואָלוציע האָט גורם געווען זייער עקאָנאָמישע עמאַנציפּאַציע, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין צוויי דערשיינונגען: איבערוואַנדערונג און איבערשיכטונג. דער וואוקס פון קאַפּיטאַליזם האָט איבערגעטראָגן דעם צענטער פון עקאָנאָמישן לעבן פון דאָרף אין שטאָט. די דאָזיקע אורבאַנישע רעוואָלוציע האָט פאַרגרעסערט אומגעהויער דעם ווירקונגס־קרייז און דעם איינפלוס־וואָג פון דער עלצטער און שטאָטישסטער נאַציע אין אייראָפּע. זי האָט געעפנט קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן פאַר דער אקומולירטער אין אידנטום פינאַנציעלע און האַנדלס־מעגלעכקייטן און דערפאַרונגען, און האָט געשאַפן אַ גרויסן ווירקונגס־פּלאַץ פאַר דער אידישער באַוועגלעכקייט און פּסיכישער רידעווודיקייט. די אַלטע אידישע פּרנסות און באַשעפטיקונגען זיינען דורך דעם פרייען קאַפּיטאַליזם דערהויבן געוואָרן צו העכסט נוצלעכע און נאַציאָנאַל־מלוכהשע פונקציעס. דער איד האָט זיך דערפילט גלייכבאַרעכטיקט אויף לעבן און שאַפן, גלייכבאַרעכטיקט מיט די נייע אויפגעקומענע קלאַסן, צו וועלכע ער האָט זיך באַהעפט, מיט וועלכע ער האָט פאַרבונדן זיין גורל.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געדויערט אין משך פון גאַנצן 19־טן יאָרהונדערט.

(אַזוי ווי אין 19־טן יאָרהונדערט זיינען די אידן געוואָרן עמאַנציפּירט פּאַקטיש אַ דאַנק זייער פּאַרמיטלערײַ־ירושה, אַזוי וועלן אין 20־טן יאָרהונדערט די אידן קענען עקאָנאָמיש עמאַנציפּירט ווערן, דאַן ווען זיי וועלן גובר זיין די פּאַרמיטלערײַ־ירושה און זיך איבערשיכטן און אַגראַריזירן.)

## 3) די פאַרענגערונג פון דער אומנאָרמאַלקייט

אין דער לעצטער צייט איז דער אומנאָרמאַלער צושטאַנד פון אידישן פאָלק אויפן סאָציאַל־עקאָנאָמישן געביט פאַרערגערט געוואָרן דורך די פאָלגנדע דריי פאַקטאָרן, וואָס די אַלגעמיינע געשיכטלעכע אַנטוויקלונג האָט אַרויסגערופן: טראַסטיפיקאַציע, קאָאָפּעראַציע און פּאָליטיש־עקאָנאָמישער אַנטיסעמיטיזם, אַזוי, אַז די עקאָנאָמישע עמאַנציפּאַציע, וועלכע זיי האָבן דערוואָרבן אין 19־טן יאָרהונדערט ווערט געשטעלט אין געפאַר.

## 4) דער פּועל-יוצא דערפון.

1) די דריי אויבן דערמאָנטע גורמים באַדראָען די אידישע מאַסן מיט א קאַטאַסטראָפע, וואָס עס האָבן פאָרויסגעזען פיל גרויסע אידישע געלערנטע. זיי האָבן געוואָרנט און געראַטן, אז מ'זאָל באַצייטנס אָננעמען די געהעריקע מיטלען קעגן דעם. זייער קול איז, ליידער, געבליבן כקול קורא במדבר. מיר זיינען איצט עדות דערפון, ווי אזוי זייער נביאות זיינען מקוים געווארן אין פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער אין א פיל גרעסערער מאָס און א פיל ערגערער פאָרם, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

מיר ברענגען דאָ איניקע באַלערנדיקע ציטאַטן וועגן די עקאָנאָמישע פּראָצעסן, וועלכע קומען פאָר אין 20־טן יאָרהונדערט און זייערע קאָנסעקווענצן פאר די אידישע מאַסן.

### א) י. לעשצינסקי וועגן דער פאַרמיטלעריי־פּסיכאָלאָגיע.

„דאָס אידישע פאָלק, וואָס האָט א סך הונדערטער יאָרן זיך פאַרנומען אין זיין גרעסטן טייל מיט האַנדל און וואַנדל, מיט פאַרמיטלעריי און מעקלעריי, האָט געמוזט ברענגען מיט זיך צום 19־טן יאָרהונדערט — צום קאַפּיטאַליסטישן יאָרהונדערט — אזא אייגנאַרטיקן באַגאַזש, אזא באַזונדער *פּיזיש־פּסיכאָלאָגישע ירושה*, וועלכע האָט געמוזט שפּילן גאָר א באַזונדער ראָל אין זיין לעבן.

„דער קאַפּיטאַליזם האָט אַרויסגעשטעלט פאַרן אידישן פאָלק צוויי עקאָנאָמישע גרונט־פּאָדערונגען: מאָדערניזירן די איד. פאַרמיטלעריי, אָדער אינגאַנצן גובר זיין די דאָזיקע פאַרמיטלעריי און זיך איבערשיכטן. פאַר איין טייל — פארן קלענערן טייל — פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט דער קאַפּיטאַליזם אוועקגעשטעלט די אויפגאַבע פון פאַרברייטערן און פאַרגרעסערן די פונקציעס, וואָס לויטן עצם זיינען זיי געבליבן די אייגענע, וואָס ביזן 19־טן יאָרהונדערט. נישט קיין שטעטלדיקער האַנדל און נישט קיין אָרטיקע באַגרענעצטע עקאָנאָמישע פאַנטאַזיעס און אילוזיעס — אויף זייער אָרט האָט באַדאַרפט קומען די קאָמיסיאָנע קאַנטאָר, דער באַנקיר, דער אקציען־סוחר, דער גרויסער הענדלער און אונטערנעמער און דער גרויסשטאָטיקער מנחם מענדל מיט פּאַפּירן, וועלדער און מאַיאָנטקעס. דאָס איז דאָך אָבער אין תוך אַריין געוועזן דער המשך פון דער גאַנצער אידישער גלות־געשיכטע — פאַרמיטלעריי. א סך האַר־

בער, שווערער און קאָמפּליצירטער איז געווען די צווייטע אויפגאַבע, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט פאַרגעבן דעם גרעסטן טייל פון אידישן פאָלק — גובר זיין אין זיך די פאַרמיטלעריי־פּסיכאָלאָגיע, געזעגע־נען זיך מיט די הו־הא פּרנסות, אוועקוואַרפן די לופט השגות און לופט הכנסות און גאָר איבערגיין צו פיזישער ארבעט. (איבערשיכ־טונג).

„ אין ערשטן פאַל איז די ירושה געוואָרן אַ שטיק־פּונקט פאַרן דערפאַלג אין קאַמף מיטן אונטערנעמער און הענדלער־מאַרק. אין צווייטן פאַל, פאַרקערט, איז די ירושה געוואָרן אַן אבן נגף אין קאַמף אויפן ארבעט מאַרק, פאַר איבערשיכטונג. די רייכע פאַרמיטלעריי־ירושה האָט אונז געבענטשט מיט אַ גאַנץ גרויסן הויקער אייגנשאַפטן פון וועלכע ס'איז נישט גרינג פּטור צו ווערן.

„דער פּראָצעס אַליין פון גובר זיין אין זיך די הונדערט יאָריקע פאַרמיטלעריי־ירושה האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער אַ שווערן, קרענקלעכן און שמערצלעכן און דעריבער קומט פאַר אַזוי שווער די איבערשיכטונג."

אין 20־טן — אַנטיקאַפּיטאַליסטישן — יאָרהונדערט אין קאַמף אויפן אונטערנעמער און הענדלער מאַרק טרעפט אָן די מאָדערניזיר־טע אידישע פאַרמיטלעריי — אין די אבני־נגף פון טראָסטיפיקאַציע, קאָאָפּעראַציע און פּאָליטישן און עקאָנאָמישן אַנטיסעמיטיזם. ער שטעלט איצטער דעריבער ארויס פאַרן אידישן פאָלק איין עקאָנאָ־מישן גרונט־פאָדערונג — די אויפגאַבע גובר צו זיין אין זיך פאַר יעדער פּרייז די פאַרמיטלעריי־פּסיכאָלאָגיע און זיך איבערשיכטן, אויב זיי ווילן נישט זיין אַרונטערגעוואָרפן די מורא אריינצופאַלן אין גאַנצן אין אָפּגרונט...

## ב) דר. מ. זילבערפאַרב וועגן דעם וואוקס פון טראַסטיפּי־קאַציע און קאָאָפּעראַציע אין די אייראָפּעאישע לענדער.

„ס'ליגט אין דער טבע פון קאַפּיטאַליזם, אַז אויף אַ באַשטימטער מדרגה פון זיין אַנטוויקלונג זאָל ער שטרעבן איינצושטעלן אוממי־טלבאַרע באַציאונגען צווישן פּראָדוצענט און קאָנסומענט, אויסמיי־דנדיק דעם פאַרמיטלער, וועלכן דער פאַבריקאַנט מוז אָפּגעבן אַ חלק פון זיין מער־ווערט. די אינדוסטריע קאָנצענטרירט זיך. איין צווייג פון דער אינדוסטריע נאָכן אַנדערן ווערט אַרויסגעצויגן פון די הענט פון אַ גרעסערער צאָל קלענערע פאַבריקאַנטן און פאַלט אריין צו אַ קליין הייפל קאַפּיטאַל־מאַגנאַטן. עס קומט פאָר דער באַקאַנטער פּראָ־

צעס פון טרוסטיפיקאַציע פון דער אינדוסטריע, און אָט מיטן מאָ־מענט, ווען דער טרוסט בלייבט אַליין שטיין אויפן מארק מיט זיין אַרטיקל, און האָט שוין מער קיין מורא ניט פאַר קאָנקורענץ, ברויכט ער שוין מער נישט אָנצוקומען צו דער הילף פון סוחר, וועל־כער פלעגט פריער אויסשפּילן איין פאבריקאַנט קעגן אנדערן, און שטרעבט צו שטעלן זיך אין דירעקטער פארבינדונג מיטן קאָנסומענט גופא. דאָ באַגעגנט זיך דער טרוסט מיט דער אָרגאַניזאַציע פון קאָנ־סומענט, מיט דער קאָנסום ־ קאָאָפּעראַציע, וועלכע שטרעבט פון איר זייט איינצוקויפן די נויטיקע פאר איר געברויך סחורה ביי דער ער־שטער האנט אָן דער פאַרמיטלונג פון הענדלער, ווען פארדינסט מוז פארטייערן דעם פרייז פון באַטרעפנדן ארטיקל. צווישן דיביידע פּראָצעסן — טראָסטיזירונג פון די פּראָדוצענטן און קאָאָפּערירונג פון די קאָנסומענטן — ווערט דער הענדלער און־פּאַרמיטלער צעריבן, ווי צווישן צוויי מילשטיינער. אלס ערשטער קרבן פאלט געוויינלעך דער הורט־סוחר, און אויף די צוזאַמענפאָרן פון די אָרגאַניזאַציעס פון די הורט־סוחרים, וואָס זיינען פארגעקומען אין פארשידענע שטעט אין דייטשלאנד — האָט מען געקאָנט הערן, וואס פאר אַ ליאַרם עס האָבן אויפגעהויבן די הורט־סוחרים צוליב דעם, וואָס זיי ווערן אַרויס־געשטויסן פון האַנדלס פארקער דורך די אויבן אָנגעצייכנטע פּראָ־צעסן.

אין פּוילן, ווי אויך אין די איבעריקע לענדער פון מזרח אייראָפּע, האָט די אנטוויקלונג פון די טרעסטן און פון דער קאָנסום קאָאָפּעראַ־ציע נישט דערגרייכט נאָך צו אזא מדרגה, אז זי זאָל שוין איצט פאַר־שטעלן א דירעקטע געפאַר פארן האַנדל. אָבער אויך דאָ לאָזן זיך שוין הערן אָנזאָגן פון א פאַרביטענעם קאַמף, וואס די גרויסע אינ־דוסטרי פון איין זייט און די קאָאָפּעראציע פון דער צווייטער, — קלייבט זיך צו פארפירן מיטן פּריוואַטן האַנדל. אזעלכע גרויס־אינ־דוסטריעלע פירמעס, ווי שייבלער, נייער, פּאָזנאַנסקי, ווידזעווער־מאַנופאַקטור א. א., האָבן די לעצטע צייט אָנגעהויבן עפענען איי־גענע לאַגערן אין פאַרשידענע פונקטן, שטרעבנדיק צוצוגיין דורך די דאָזיקע לאַגערס נענטער צום קאָנסומענט און אויסצומיידן ווי ווייט מעגלעך דעם פּאַרמיטלער. אָבער אין א סך א גרעסערער מאָס הויבט דער האַנדל אָן צו פילן דעם אָנגריף מצד דער קאָאָפּעראַציע.

דער אויספיר, וואָס קומט ארויס פון אויבן געזאָגטן, איז אזוי קלאָר, אַז עס וועט געגוג זיין אַ פּאָר ווערטער כדי אים צו פאָרמו־לירן; דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון דער גאָרער וועלט טרעט אַריין אין

א תקופה, ווען דער עקאָנאָמישער באָדן, אויף וועלכן עס שטייט דער האַנדלס־קלאַס, ווערט וואָס ווייטער אַלץ שמעלער.

אויף וויפל אָבער די אידן בילדן דאָס רוב מנין און בנין פון האַנדלס קלאַס אין אַלע לענדער פון מזרח איראָפּע, ווערט דאָ דער דעקלאַסירונגס־פּראָצעס פון די אידישע הענדלער און פּארמיטלער נאָך אונטערגעטריבן דורך באַזונדערע ספּעציפישע פאַקטאָרן, וועלכע מ'נעמט געוויינלעך אַרום מיטן אַלגעמיינעם באַגריף „עקאָנאָמישער אַנטיסעמיטיזם".

## ג) דר. הערמאַן פראַנק וועגן דער טראָסטיפיקאַציע אין די פאַריייניקטע שטאַטן.

„דער אומאָפּהענגיקער קליינער האַנדל איז פריער שטענדיק געווען די ערשטע טרעפּ אין לייטער פון סאָציאַלן און עקאָנאָמישן אויפשטייג פאר דעם אידן אין נאָרד אַמעריקע. אָבער וואס ווייטער ווערט אַלץ ווייניקער פּלאַץ פאר דער קליינער, פריוואַטער קלייט. פריער די גרויסע דעפּאַרטאַמענט־סטאָרס און מעיל־אָרדער־הייזער, און אין דער לעצטער צייט די קייט־קלייטן, שטעלן מיט זיך פאָר א שרעקלעכע קאָנקורענץ פאַרן אינדיווידועלן אידישן קרעמער. דער וואוקס פון אַט די ריזיקע קאָאָרפּאָריישנס, די קאָנצענטראַציע פון ריטעיל־האַנדל, וועלכע איז ביי אונז דער קאַפּיטאַליסטישער סוראָגאַט פון דער קאָאָפּעראַטיווער קלייט־סיסטעם אין די דעמאָקראַטישע לענדער פון אייראָפּע, איז א פאַקט, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן. דאָס איז די לעצטע צען יאָר פונקט אזא גרונט־שטריך פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג אין אַמעריקע, ווי דעם ערשטן צענדליק יאָר פון 20־טן יארהונדערט איז געווען די קאָנצענטראַציע פון דער אינדוסטרי דורך טראָסטס. דעמאָלט האָבן די מיליאָנען פירמעס דערשטיקט דעם קליינעם פּראָדוצענט; היינט ראַנגלט זיך אין א טויט־קאָנוואולסיע דער קרעמער מיט אַזעלכע ריזן קאָנקורענטן, ווי „טשעינס" פון קענדי־קלייטן, דראָג־סטאָרס, שיך, היט און קליידונג־קלייטן, מעבל־קלייטן און רעסטאָראַנען. עס שאַפן זיך אַפילו גאַנצע קייטן פון דעפּאַרטאַמענט־סטאָרס און קלייטן פון שעפּער צו רייניקן און אויספּרעסן אַלטע בגדים.

„און אַט דער ריזיקער וואוקס פון די קייט־קלייטן שטעלט מיט זיך פאָר א דאָפּלטע סכנה פארן אידישן קרעמער. נישט נאָר ער פאַרלירט דעם עקאָנאָמישן באָדן פון אונטער די פיס, ווי די קאָנקורענץ פון דער קייט־קראָם צווינגט אים צו פארמאַכן זיין קלייטל, נאָר אויך

א צווייטע געפאַר שוועבט שטענדיק איבער זיין קאָפּ. דער „דעקלאַ־סירטער", ארויסגעשטופּטער קריסטלעכער קרעמער קומט לייכט אָן אין דער טשעין־סטאָר אָרגאַניזאציע, אָבער פאַרן איד איז אַזאַ פּרנסה אַזוי גוט ווי פאַרשפּאַרט."

**ד) דר. חיים זשיטלאָווסקי וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.**

„אין די אייראָפּעאישע לענדער שטרעבן, סיי די רעגירונגען, סיי א טייל פון די פאָלקס מאַסן אויסצובויען די ק אָ אָ פּ ע ר א ט י ו ו ע באוועגונג — דער עיקר, די קאָנסום־פאַריינען, וואָס זאָל באפרייען דעם קאָנסומענט — פון דעם האַנדל, נישטאָ קיין איין מאָדערנע דע־מאָקראַטיע אויף דעם קאָנטינענט, וואו די רעגירונג זאָל נישט שטיצן מיט אַלע מיטלען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. וועלכע הויבט שוין אָן אריבערצוגיין פון קאָנסום אַסאָסיאַציעס צו פּראָדוציר־אַסאָסיאַ־ציעס.

זינט דעם גרויסן קריזיס אין נאָרד אמעריקע האָט די קאָאָפּע־ראַטיווע באַוועגונג באַקומען אַזאַ שוואונג, פון וועלכן מיר, אין אונ־זער אידישער עפנטלעכקייט, וואָס מאַכט א שוויייג וועגן דעם, האָבן גאָר קיין ברעקל השגה נישט, אָבער אויב מיר ווייסן, אָדער דאַרפן וויסן, אַז רוזוועלט האָט געשיקט אַ קאָמיסיע קיין אייראָפּע כדי אויס־צושטודירן די קאָאָפּעראַטיוו־באַוועגונג.

„ס'קען גאָר קיין ספק נישט זיין, אַז די קאָמיסיע האָט שוין גע־בראַכט אַ סך פּאָזיטיווע רעזולטאטן. עס איז זייער מעגלעך, אַז צו די סאָציאַלע רעפאָרמען פון דעם היגן סאָציאַל־ליבעראַליזם וועט אויך געהערן די שטאַטלעכע הילף פאַר דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. אויב זי זאָל דורכגעפירט ווערן אין יענעם פאַרנעם, אין וועלכע אַ סאָציאַלע עוואָלוציע נויטיקט זיך, וועט דאָס קודם כל פאַרשיטן יענע חיונה קוואַלן, וואָס שפּייזן די גרעסטע מאַיאָריטעט פון אונזער הענד־לערישן פאָלק..."

די וואַקסנדיקע טראָסטיפיצירונג פון מסחר, וועלכע קאָנצענ־טרירט זיך אויף אַזאַ אופן אין געציילטע הענט, און די פאַרשפּריי־טונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג צווישן די אָרעמערע און מיטעלערע שיכטן פון דער ארומיקער באַפעלקערונג, וואַרפן אַרויס גאַנצע קאַדרען אידישע סוחרים און פאַרמיטלער פון זייערע פּרנסות און צווינגען די ארויסגעשטופּטע מאַסן צו זוכן פאַר זיך אַ נייעם וועג... דער פּראָצעס קומט פאָר אין אַ שטאַרקערער מאָס אין די איי־

ראָפּעאישע לענדער און אין אַ געוויסער מאָס אויך אין נאָרד אמע־ריקע און גאָר אין גיכן וועט מען שוין אויך אָנהויבן פילן די רעזול־טאַטן פון אים אין זייַד אמעריקע.

דער פּראָצעס איז אומפארמיידלעך אין אַלע לענדער פון דער גאַנצער וועלט, אין איין לאַנד פריער און אין דער צווייטער שפּע־טער (דער פּראָצעס פון טראַסטיזאציע באמערקט זיך שוין שטאַרק אויך ביי אונז אין אַרגענטינע, די קאָאָפּעראציע האָט זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט צוליב געוויסע אָרטיקע באַדינגונגען, אָבער זי וועט אומפאַרמיידלעך קומען, און די ביידע פּראָצעסן, ווען זיי וועלן צוזאַ־מען געשען, וועלן זיי אונטערגראָבן די יסודות פון איד. האַנדל און פאַרמיטלעריי. די אידישע הענדלער וועלן דעקלאַסירט ווערן און זיין געצוואונגען צו איבערשיכטונג. עס איז דעריבער נויטווענדיק, אז די אידישע פאראנטווארטלעכע נאַציאָנאַלע עסקנים זאָלן זיך באַצייטנס גוט פאַרטראַכטן איבער דער פאַרשטייענדער אומפאַרמיידלעכער עקאָנאָמישער קאַטאַסטראָפע, וואָס באַדראָעט דער אידישער קאָלעק־טיווויטעט אין אַרגענטינע און זאָל אָננעמען די געהעריקע מיטלען דערצו).

## 5) אונזערע אויספירונגען:

די אַלע באַטראַכטונגען ברענגען אונז צו דעם אויספיר, אז ס'שלאָגט שוין די צוועלפטע שעה און מיר מוזן אָננעמען ווי אמ־שנעלסטן די געהעריקע מיטלען, כדי צו נאָרמאַליזירן און געזונט־מאַכן עקאָנאָמיש דאָס אידישע פאָלק, און אים פאַקטיש גלייכבאַרעכ־טיקן מיט אַלע אַנדערע פעלקער. דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן איבערבוי פון די אידישע מאַסן טאָר מען ניט פאַרשפּעטיקן. דער חלק ליגט שוין אויפן האַלז. ס'איז אַ פאַל פון ענטוועדער אָדער: אָדער מיר וועלן ווערן נאָרמאַל ווי אַלע פעלקער, אָדער מיר וועלן אונטערגיין אַלס פאָלק.

## 6) די מיטלען פון דער סאַנירונג פון אידישן לעבן:

1) עמיגראַציע, 2) אימיגראַציע, 3) איבערשיכטונג, 4) לאַבאָ־ריזאַציע און 5) אַגראַריזאַציע.

### 1) עמיגראַציע:

אַ) די טרוכטז, די ניט אידישע קאָאָפּעראַטיוון, דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אַנטיסעמיטיזם און די אוממעגלעכקייט איבערצו־

נײַן צו ערד־אַרבעט אין די שטאַרק באַפעלקערטע לענדער, טרײַבן די אַרויסגעשטויסענע, אויסזיכטסלאָזע אידישע מאַסן צו איבערוואַנ־דערן אין נײַע, פרײַע, אונטערבאַפעלקערטע און נאָך אומאַנטוויקלטע לענדער, וועלכע נויטיקן זיך אין דער אידישער אַרבעט און די אידישע פעאיקייטן.

ב) די איצטיקע עמיגראַציע איז אין גרונט פאַרשידן פון דער וואָס דאָס איד. פאָלק האָט דורכגעמאַכט אין פאַרשידענע תקופות פון זײַן געשיכטע. ס׳איז נישט קיין איבערוואַנדערונג פון פאַרמיטלער, וועלכע זוכן אַ נײַ פּלאַץ וואו זיי זאָלן ווײַטער קענען אָנגיין מיט זייערע אַלטע פּרנסות. ס׳איז אַ עמיגראַציע פון סוחרים און פאַרמיטלער, וואָס מוזן ווערן ערד אַרבעטער, פון שטאָט־מענטשן, וואָס מוזן ווערן דאַרף אײַנוואוינער. ביז איצט, ווען ס׳פלעגט ענג ווערן פאַר די אידן אין איין אָרט, האָבן זיך פאַר זיי געשאַפן מעג־לעכקייטן אין אַן אַנדערן אָרט. דאָס האָט זיך גענומען פון דער נישט אײַנהייטלעכער עקאָנאָמישער סטרוקטור אויף אַלע געביטן פון דער היסטאָרישער וואַנדערונג. דאָס אידישע פאָלק איז בעיקר געווען דאָס פאָלק פון ווירטשאַפטלעכער פאַרמיטלונג. איצט איז שוין די אַל־וועלטלעכע ווירטשאַפט פאַראײַנהייטלעכט, לכל הפחות ביז אַזאַ מדרגה, אַז אין אידישן פאַרמיטלער נויטיקט מען זיך שוין נישט אין ערגעץ. די אײנציקע לײזונג ליגט אין אַ אידישער מאַסן־עמיגראַציע פון די אַלטע היימען, אין אַ גרויסער איבערוואַנדערונג, וואָס דאַרף זײַן נישט נאָר אַ געאָגראַפישע, נאָר בעיקר אויך אַ סאָציאַל עקאָנאָמישע. אידן דאַרפן גלייכצייטיק איבערוואַנדערן פון די אַלטע היימען צו נײַע פרײַ לענדער; פון די אַלטע פאַרמיט־לערישע פּראָפעסיעס צו פיזישער אַרבעט און איבערהויפּט ערד־אַרבעט.

ג) די פאַרשטייענדיקע איבערוואַנדערונג דאַרף דורכגעפירט ווערן אין אַזעלכע באַדינגונגען, אַז אין זייערע נײַע היי־מען זאָל די אידן מער קיינמאָל נישט ענג ווערן און זיי זאָלן ניט קע־נען אַרויסגעטריבן ווערן ווי אומגעוואונטשענע עלעמענטן, אַז די טרוסטיפיקאַציע, קאָאָפּעראַציע און דער אַנטיסעמיטיזם זאָל נישט קענען אונטערגראָבן די יסודות פון זייער נײַ לעבן און נאָכאַמאָל זיי צווינגען צו נעמען אין האַנט דעם וואַנדער־שטעקן.

ד) מיר דאַרפן וויסן, אַז די עמיגראַציע וואָס הויבט זיך איצט אָן דאַרף זײַן די לעצטע, נאָך איר וועט מען מער שוין נישט קענען עמיגרירן און כדי מיר זאָלן נישט זײַן געצוואונגען צו

וואנדערן מער, מוזן מיר זיך איבערשיכטן און אגראַריזירן. מיר מוזן פארכאַפן פלעצער אויף דער וועלט, פון וועלכע מיר זאָלן ציען אונזער היונה. היינט זיינען נאָך דאָ פרוכטבאַרע אומבאפעלקערטע שטחים אויפן ערד־קוגל — אין אייניקע דורות ארום וועלן זיי שוין פיליייכט נישט זיין. מיר דארפן זיך צואיילן, אויב מיר ווילן אָנהאלטן אונזער עקזיסטענץ אַלס בירגער און אַלס אידן און זיך באַזעצן אויף פרייע ערד־שטחים. אויב מיר וועלן זיך טיף באַהעפטן מיט דער ערד און שלאָגן אין איר שטאַרקע וואָרצלען, וועט אונז קיין סאָציאלער אָדער היסטאָרישער שטורם־ווינט נישט קענען אומברענגען.

די לעצטע סטאַציע פון דער אידישער וואנדערונג היסט ע ר ד. דער שנעל־צוג פון דער אידישער געשיכטע דערנענטערט זיך צו איר. אויב מיר האָבן איצט אין דער גאַנצער וועלט נאָר דריי פערטל מיליאָן אידישע ערד אַרבעטער — וועלן מיר גאָר אינגיכן גע־ווים האָבן עטלעכע מיליאָן.

## 2) אימיגראַציע:

די פאַסיקסטע אימיגראציע לענדער אין דער וועלט זיינען היינט צו טאָג די זיד־אמעריקאַנישע רעפובליקן, ווייל:

א) זיי זיינען אונטערבאפעלקערט און ס'איז דאָ אין זיי פּלאַץ פאר צענדליקער מיליאָנען נייע איינוואוינער;

ב) זייער קלימאַט איז צוגעפאסט פאר אן אייראָפּעאישער באַ־פעלקערונג;

ג) זיי פאַרמאָגן אומגעהויערע נאָך נישט עקספּלואַטירטע נאַ־טירלעכע רייכטימער;

ד) זיי האָבן דערגרייכט כמעט אַן אייראָפּעאישע מדרגה פון ציוויליזאציע;

ה) זייער עטנישער צוזאמענשמעל און דאָס פעלן פון א נאַ־ציאָנאליטעטן פראגע זיינען אַ פאָרצוג פאר דער איינוואַנדערונג פון נייע אייראָפּעאישע זידלערס;

ו) זייער דעמאָקראטישער, פּאָליטישער רעזשים איז מער אָדער ווייניקער א געזיכערטער;

ז) אין בוענאָס איירעס, די מעטראָפּאָליע פון זיד אמעריקע, געפינט זיך א אידישע קהלה מיט 150 טויזנט אידן בערך, וועמענס נאציאָנאַלע, קולטורעלע, פינאנסיעלע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטו־ציעס האָבן דערגרייכט א גאָר הויכע מדרגה פון אנטוויקלונג. די אינ־טעלעקטועלע כוחות פון ארגענטינישן ישוב זיינען ערשט קלאַסיקע,

און זייער איינפלוס לאָזט זיך פילן אויף די אידישע ישובים פון די אַנדערע זיד אַמעריקאַנער לענדער;

ח) מיר פאַרמאָגן שוין אין אַרגענטינע אַ נעץ פון אידישע קאָ־לאָניעס מיט אַ שטאַרקער לאַנדווירטשאַפטלעכער טראַדיציע, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט אין קאָאָפּעראַטיוון, וואָס האָבן זיך פאַרייניקט אין אַ קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד, וועלכער גיט אַרויס אַן אייגענעם אָרגאַן „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר".

ט) מיר פאַרמאָגן אין אַרגענטינע אַ אידישע אגראַר־באַנק;

י) מיר פאַרמאָגן דאָ אויך די „איקאַ" מיט איר גרויסער לאַנד־ווירטשאַפטלעכער פּראַקטיק, אירע הונדערטער טויזנטער העקטאַר פרייע באָדן און איר פאַרצווייגטן געשולטן אַפּאַראַט. די „איקאַ" שטעלט דאָ מיט זיך פאָר אין אַ געוויסן זין דעם אידישן לאַנדווירט־שאַפטלעכן דעפּאַרטאַמענט.

יא) די זיד אַמעריקאַנער לענדער ציילן שוין אַ אידישע באפעל־קערונג פון אַריבער אַ האַלבן מיליאָן נפשות.

## די אימיגראַציע מעגלעכקייטן:

א) די אימיגראַציע אין די זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקן איז אומבאַשרענקט. די זיד־אַמעריקאַנער רעגירונגען ווילן באַפעלקערן זיי־ערע וויסטעס און זיינען גרייט אריינצולאָזן זייער אַ גרויסע צאָל נייע אימיגראַנטן, בתנאי זיי זאָלן זיך באַזעצן אויפן פעלד. מ'קען דעריי־בער זיכער דערגרייכן, אז נישט בלויז אידן זאָלן זוכן זיד־אַמעריקע, נאָר, אַז זיד אַמעריקע זאָל אויך זוכן אידן, ווייל זיי זיינען דער פּאַסיקסטער עלעמענט צו באַפעלקערן זייערע וויסטעס.

ב) די זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקן ווענדן אָן דעם פּרינציפּ פון סעלעקציע לגבי די אימיגראַנטן. זיי ווילן ניט קיין סתם איינוואַנדע־רער, נייערט אַן איינוואַנדערונג פון אַ ספּעציעל אויסגעקליבענעם מענטשן מאַטעריאַל.

די אונטערבאַפעלקערטע מדינות פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט מיינען מיט דער סעלעקציע פאָלגנדעס: דער אימיגראַנטן־שטראָם דאַרף אריינברענגען אין לאַנד עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז נאָך אין אים ניט פאַראַנען: העכערע פיזישע, מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע אייגנשאַפטן, וועלכע זאָלן דערהויבן דעם באַטרעפנדן ניווא פון דער

באפעלקערונג. די אימיגראנטן דארפן זיך קאָנען צופּאסן צום קלי־מאט, פארמאָגן גוטע מידות און אנטשפּרעכן די פאָדערונגען פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון דער מדינה, ד. ה. זיי מוזן זיין אויס־געפּרואווטע ערד־ארבעטער.

ווי פּאראדאָקסאל ס'זאָל אויפן ערשטן אויגנבליק נישט אויסזען, איז דער פּרינציפּ אַ פּאָרצוג פאר דער אידישער איבערוואנדערונג אפילו ווען די אימיגראנטן זיינען פאכמעניש ניט צוגעגרייט.

די הויכע אידישע איינגעבוירענע אינטעליגענץ און גייסטיקייט, און די גרויסע אידישע צופּאסונגס פּעאיקייט דערמעגלעכן יעדן אידן, ניט נאָר אויסצולערנען און זיך ספּעציאַליזירן אין א קורצער צייט אין דער לאַנדווירטשאַפט, נייערט זיך אויסצייכענען אין איר און ווערן, אין אַ גרעסערער אָדער אין אַ קלענערער מאָס, אן אינוואַטאָר אָדער דערפינדער.

ארץ־ישראל און די נייע רוסישע קאָלאָניעס קענען דינען אלס ביישפּיל. אין ביידע לענדער האָט שוין דער ערשטער דור אידישע קאָלאָניסטן באוויזן, אַ הויכע טעכנישע געשולטקייט, וועלכע שטייגט איבער די דערגרייכונגען פון איינגעזעסענע נישט־אידישע פּויערים.

די אידן בילדן דעם אמבעסטן צוגעפּאסטן מענטשן עלעמענט פאר דער אימיגראנטן־סעלעקציע, וואָס די זיד־אמעריקאנישע רעגי־רונגען ווילן דורכפירן.

א) זיי צייכענען זיך אויס מיט זייערע גייסטיקע מעלות און איינגעבוירענע אינטעליגענץ;

ב) די אידן ווייזן ארויס א גרויסע צופּאסונגס־פּעאיקייט אין אַלע לענדער, ביי אַלע קלימאַטן;

ג) זיי פּאַסן זיך שנעל צו צו אַלע מינים באַשעפטיקונגען;

ד) זיי צייכענען זיך אויס מיט זייערע מעסיקע באַדערפענישן און קליינעם פּראָצענט אַלקאָהאָליקער;

ה) זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער כוח־היצירה, מיט זייער שנעלער אָריענטאַציע און כוח החידוש;

ז) זיי זיינען פּראָגרעסיוו אין זייערע אונטערנעמונגען;

ח) זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער ענערגיע, אקטיוויטעט און דינאַמישקייט;

ט) זיי צייכענען זיך אויס מיט אַ שטאַרקער אינמוניטעט און אַ דאַנק דעם קענען זיי איבערטראָגן די שווערסטע באַדינגונגען;

י) זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער גרויסן אידעאַליזם און שטאַרקן אָפּטימיזם .

### 3) איבערשיכטונג:

א) די איבערשיכטונג מוז גיין אין די וועגן פון לאַבאָריזאַציע און אגראַריזאַציע, פון מסחר און פרייע פּראָפעסיעס צו ארבעט בכלל און ערד ארבעט בפרט.

די איבערשיכטונג אין דער אַלטער היים וועט געבן ברייטערע מעגלעכקייטן פאר דער אידישער אימיגראציע קיין זיד אַמעריקע. דער אידישער ערד ארבעטער וועט דאָ געפינען פאר זיך אָפענע טויערן.

ב) וואו דאַרף פאָרקומען די התחלה פון דער איבערשיכטונג אין די אַלטע אָדער נייע היימען?

אַמאָל פלעגט די איבערשיכטונג פאָרקומען נאָך דער עמיגראציע. אין די נייע לענדער, וואו מען האָט זיך ניט געקענט נעמען גלייך צום מסחר אָדער פארמיטלעריי, האָבן די אימיגראַנטן זיך געמוזט איי־בערשיכטן און לאַבאָריזירן. אזוי זיינען זיי אין די פאַרייניקטע שטאַטן געגאַנגען אין די „שאַפּן" און זיך גענומען איבערהויפּט צו דער שער און אייזן.

היינט, ווען די זיד אמעריקאַנער רעפּובליקן דערלויבן דער עמיגראציע, נאָר פאַר ערד־ארבעטער, מוז מען אַלזאָ איבערשיכטן און מכשיר זיין די עמיגראַנטן צו ערד־אַרבעט אין דער אַלטער היים, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצורייסן זיי פון גיהנום. די איבערשיכ־טונג מוז דעריבער איצט קומען פאַר דער עמיגראַציע.

### 4) לאַבאָריזאַציע:

מיט דעם וואָרט „לאַבאָריזירונג" מיינען מיר דעם פּראָצעס פון איבערגאַנג פון פאַרמיטלערישע פּרנסות — צו ארבעט־פּרנסות אין זיין אַלגעמיינער און ברייטסטער פאָרם. צי גייען איבער אַרענדאַרן און שענקער, מעקלער און פאַקטאָרן, קרעמער און הענדלער צו האַנט־ווערק, פאַבריק־אַרבעט, שוואַרץ־אַרבעט, אָדער גאָר צו ערד ארבעט — אין דעם פּרט איז דאָס אַלץ איינס: מיר האָבן פאַר זיך אַ איבער־גאַנג פון טעכניש־פאַרבינדענדיקע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס צו פי־זיש פּראָדוצירנדיקע.

### 5) אַגראַריזאַציע:

אונטער אגראַריזאַציע פאַרשטייען מיר דעם איבערגאַנג פון אַלערליי פּרנסות און באַשעפטיקונגען, הן פאַרמיטלערישע, הן אַר־בעטאָרישע, צו אגראַר־ווירטשאַפט, צו ציען חיונה פון דער ערד,

ס'איז נישט וויכטיק צי מען טוט עס אלס אגראר־ארבעטער ביי יע־נעם; צי א קליין פויער, וואס ארבעט אליין אדער וועמענס משפחה העלפט אים מיט אין דער בעל הבתישקייט, צי אלס מיטל־פויער אדער בעל־גוף, וואס באנוצט זיך אפט מיט געדונגענער ארבעטס־קראפט. דער טראפ ווערט דא געלייגט נישט אויפן סאציאלן פלאץ, וואס דער מענטש פארנעמט אין דער פראדוקציע, נאר אויף דעם קוואל פון וועלכן ער ציט זיין חיונה.

## 7) די וועגן צו דער אגראריזאציע:

### 1) חלוציזם און הכשרה:

א באוועגונג פון שטאט אין דארף, פון א באקוועמען לעבן צו א לעבן, וואס איז נישט אזוי באקוועם קאן נישט האבן קיין דערפאלג אן א גרויסן אידעאל, וועלכער זאל צוגעבן די מאסן התלהבות און מוט. דער אידעאל מוז זיין אן אידעאל פון ארבעט, פון איבערבוי און פאנאציע פון פאלקס־לעבן. ער דארף באשטיין פון צוויי טיילן:

א) דת עבודה. — די אנטוויקלונג ביי די פיאנערן דעם קלארן באוואוסטזיין פון דער פרינציפיעלער חשיבות פון ארבעט, פון דעם סאציאל־קולטורעלן ווערט פון ארבעט, די עטישע באדייטונג פון אר־בעט און נאכהער דעם קולט פון ארבעט.

ב) כבוש עבודה — דעראבערונג פון אלע ארבעטס־פאזיציעס פון דער ווירטשאפט: דער רעקארד פון דער פיזישער ארבעט זאל אויף אלע פעלדער פון דער מענטשלעכער פראדוקציע — אין פעלד און אין בארג־בוי, מלאכה און אינדוסטרי, דערהויפט אבער אין אקער־בוי — זיין נישט נידעריקער, איידער דער רעקארד פון יעדער אנדער ציוויליזירטן פאלק.

די חלוצים (פיאנערן) פון זייער זייט וועלן קאנען פארנעמען די שווערע ווירטשאפטלעכע ארבעטס־פאזיציעס, ארום די שוין עקזיס־טירנדע אידישע קאלאניעס אין דער עקסטענסיווער און אינטענסי־ווער ווירטשאפט.

היות ווי די אידעאלן פון דת־עבודה און כבוש־עבודה האבן גע־פעלט אין דער ארגענטינישער קאלאניזאציע — האט זיך נישט איינגעגעבן די אגראריזאציע פרואוון פון באראן הירש, ווייל זיי האבן געפעלט אין רוסלאנד — האט זיך ניט איינגעגעבן די קאלאניזאציע אין בירא־בידזשאן; דאגעגן, ווייל זיי זיינען געווען דער גרונט־גע־דאנק פון „החלוץ“ און „השומר הצעיר“, האט דעריבער מצליח געווען די קאלאניזאציע אין ארץ ישראל.

מיר דאַרפֿן האָבן חלוצים (פּיאָנערן) פֿאַר זיך אַמעריקע, וועלכע זאָלן באַקומען די געהעריקע פֿאַכמענישע און גייסטיקע צוגרייטונג אין די הכשרה פּערמעס און זיך שטעלן אַלס אידעאַל דאָס איבערבויען דאָס אידישע לעבן, איבערגייענדיק פֿון די לייכטע שטאָטישע פּרנסות צו פֿיזישער אַרבעט און איבערהויפּט ערד־אַרבעט.

די ציוניסטישע חלוצים־באַוועגונג האָט זיך געשטיצט אויף אָנ־צאָליקע הכשרה־פּערמעס, וואו די חלוצים האָבן זיך צוגעפּאַסט און צוגעגרייט צו די באַדינגונגען פֿון דער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל.

אויך די חלוצישע באַוועגונג פֿאַר זיך אַמעריקע דאַרף זיך באַ־מיען צו שאַפֿן הכשרה־פּערמעס אין די אַלטע היימען, וואו די צו־גרייטונג זאָל זיך געפֿינען אונטער דער קאָנטראָל פֿון פּאַראַנטוואָרט־לעכע אָרגאַניזאַציעס און וועמענס אַטעסטאַטן זאָלן אַרויסגעגעבן ווערן אונטער דער אויפֿזיכט פֿון די אָרטיקע רעגירונגס־באַהערדן און פֿון די זיך אַמעריקאַנישע קאָנסולן אויפֿן פּלאַץ.

2) אָן אַ ספּעציעלע חלוצישע הכשרה וואָלטן געקענט אימיגרירן די דאָזיקע קאַטעגאָריעס אימיגראַנטן: די חלוצים, וועלכע האָבן שוין באַקומען אַ הכשרה אין די ציוניסטישע, חלוצישע קבוצות, געוועזענע קאָלאָניסטן, פּאַסעסאָרן, גערטנער, סאַדאָווניקעס, ספּעציאַליסטן פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אינדוסטריעס: מילך־ווירטשאַפֿט, קעז און פּו־טער פֿאַבריקאַציע א. א. אויך קוסטאַרניקעס, די א. ג. אין דער הויז אינדוסטריע באַשעפֿטיקטע, וועלכע ווילן זיך ווידמען גלייכצייטיק ערד־אַרבעט.

3) די אידייע פֿון איבערשיכטונג דאַרף אַריינגעפֿירט ווערן אין דער פּראָגראַם פֿון די שולן און לער־אַנשטאַלטן אַלס חיוב.

## 4) „איקאָ" וועגן דער נייער אַגראַריזאַציע־באַוועגונג אין אַרגענטינע.

### אינטענסיווע אַרבעט־סיסטעם אנשטאַט דער עקסטענסיווער

אַ דאַנק די אַלע דערפֿאַרונגען, וואָס די „איקאָ" האָט באַקומען דורך איר ביז איצטיקע קאָלאָניזאַציאָנס־טעטיקייט, וועלכע איז אָנגעפֿירט געוואָרן, דאָ אין אַרגענטינע, אויף אַן עקסטענסיוון אופֿן, קאָלאָניזירנדיק ביז איצט קאָלאָניסטן אויף גרויסע שטחים לאַנד, וואָס האָבן דערגרייכט ביז צו הונדערט, הונדערט פֿופֿציק העקטאַר פֿאַר יעדן איינעם, — האָט די „איקאָ" באַשלאָסן צו ענדערן די דאָ־זיקע סיסטעם, נעמלעך: כדי צו עקאָנאָמיזירן ווי ווייט מעגלעך דעם

שטח פון לאנד, וואָס מען וועט געבן יעדן נייעם קאָלאָניזירטן, וועל־
כער וועט קענען, דורך אינטענסיווער ארבעט, זיך גוט איינאָרדענען
און מאַכן אַן אנשטענדיקן לעבן אויך אויף א קלענערן שטח לאַנד.
ביים אָנפאַנג, ווען דער ישוב איז געווען קליין און די קאָלאָניסטן
האָבן דאַן ניט געהאַט קיינע נאָענטע שטעט און שטעטלעך, וואו זיי
זאָלן קענען פארקויפן מילך־פּראָדוקטן, עופות, א. ד. גל. דארום האָט
מען געמוזט געבן גרויסע שטחים לאַנד אום זיי זאָלן קענען מאַכן
גרויסע קאָסעטשעס, ווייל קאָסעטשעס זיינען געווען דער איינציקער
קוואַל פון זייער עקזיסטענץ. איצט, א דאַנק דער פארגרעסערונג, גו־
טער אנטוויקלונג און פּראָגרעס פון דעם ישוב האָט זיך געגצלעך גע־
ענדערט די לאַגע. איצט האָט זיך געשאַפן פיל מעגלעכקייטן פאר די
קאָלאָניסטן צו איינפירן פארשידענע הויז־ווירטשאַפט וו. צ. ב״ש,
מילך־פּראָדוקציע, עופות א. ד. גל. פון וועלכע זיי באקומען א באַ־
דייטנדע הכנסה און זיינען שוין מער ניט אָפּהענגיק אין גאנצן פון
דער קאָסעטשע.

ס׳וועט געמאכט א התחלה פון קאָלאָניזירן די אימיגראנטן
פריער אויף קליינע שטחים וועלכע זיינען מסוגל בלויז אויף גערט־
נעריי און פארשידענע אנדערע קליינע הויז ווירטשאַפטן (לאַנד־קינ־
טעס) כדי די אימיגראנטן זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו פּראקטיצירן
און געוואוינען זיך צו ערד־אַרבעט. ווי נאָר זיי וועלן באַקומען די
נויטיקע פּראקטישע דערפאַרונגען, וועלן זיך אויסצייכענען אין דער
זעלבער צייט אלס פעאיקע, ענערגישע ערד־ארבעטער — דאַן וועט
זיי געגעבן ווערן גרעסערע שטחים לאַנד, יעדערן לויט די באַדינגונ־
גן און די אומשטענדן פון יענעם געגנט, ווי אויך פון דער פּערזאָן,
וואו זיי וועלן קענען פּאָרצוזעצן זייער אַגריקולטור טעטיקייט אויף
אַ גרעסערן מאַסשטאַב.

וואָס ניכער די אימיגראנטן מיט זייערע פאַמיליעס וועלן זיך
קענען בעסער צופּאַסן צו זייער אַרבעט, ארויסווייזנדיק זייער פעאי־
קייט, ענערגיע און צוגעבונדנקייט צו דער ערד־ארבעט — אלץ פריער
וועלן זיי קאָלאָניזירט ווערן אויף גרעסערע טשאַקרעס.

די פּלעצער, וואו מען וועט קאָלאָניזירן די אימיגראנטן אלס
גערטנער, געפינען זיך אין די אידישע קאָלאָניעס אויף די רעזערוון־
לאַנד, וואָס די „איקא“ האָט אין יעדער קאָלאָניע. די גרעסטע טייל
פון די קינטעס און די פּלעצער, וואָס זיינען איצט צו טאָג מער מסוגל
פאַר דעם, אין ע נ ט ר ע ר י אָ ס, און די קאָלאָניעס פּ אַ ל־
מ אַ ר און ס אַ נ ט אַ א י ז אַ ב ע ל, וואו עס איז דאָ א גו־

טער אַפּזאַץ־מארק (אין דער גרויסער שטאָט קאָנקאָרדיא) פאר די מילך פּראָדוקטן און גרינוואַרג. אַזעלכע פּלעצער אויף שאַפן קינטעכ זיינען דאָ אויך ארום ד אָ מ י נ ג ע ז, ק א פּ י ז ש א, און ב א ס א ו י ל ב א ס א (אין דער זעלבער פּראָווינץ); אין פּאַמפּאַ געגנט און ריוועראַ, ווי אויך אין דער מאָזעסווילער סביבה. אין אַל־געמיין, הלואי וואָלט ניט געווען אַזאַ מניעה פון א געגוגנדער צאָל אימיגראַנטן, געוואונטשענע און פּאַסנדע עלעמענטן צו ערד־ארבעט, פריער אַלס גערטנער און דערנאָך אַלס קאָלאָניסטן, ווי עס וועט ניט זיין קיין מניעה פון לאנד ווי אויך פון די נויטיקע קרעדיטן.

## 5) ביישטאָטישע קאָלאָניזאַציע:

א) די קאָלאָניזאַציע אַרום די גרויסע שטעט איז מער צוגעפּאַסט צו דער פּסיכאָלאָגיע פון די אידישע מאַסן ווי אין די ווייטערע מקו־מות. די סיבות, וואס ס'האָט זיך נישט איינגעגעבן, די עקסטענסיווע אידישע לאנדווירטשאַפט אין ארגענטינע, איז דער צו דראַסטישער איבערגאַנג פון א שטאָטיש לעבן צו א לעבן אויפן פרייען פעלד, און אומבאַפעלקערטע געגנטן, וואו דער זידלער איז ווייט פון יעדער געזעלשאַפטלעך לעבן.

כדי איבערצובויען דאָס אידישע לעבן מיט דערפאָלג מוז מען זייער נעמען אין אַכט די פּסיכישע מניעות, די געוואוינהייטן פון די יאָרהונדערטער צו מסחר און פאַרמיטלעריי, וועלכע האָבן ארויפגע־לייגט א דויערהאַפטן שטעמפּל אויף דער אידישער נשמה. פיל דורות וועלן נאָך אַוועקגיין ביז עס וועט זיך ענדערן לגמרי די פסיכיק פון פאָלק אלס אורבאַנישער עלעמענט. דערווייל מוז מען זיך צו איר צו־פּאַסן און זי אויסנוצן אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך. די ביישטאָ־טישע קאָלאָניזאַציע האָט די מעלות אי פון דער שטאָט אי פון דאָרף. די זידלערס, וועלכע באַזעצן זיך אויף קליינע שטחים־לאנד אין קאָמ־פּאַקטע מאַסן קענען פירן אַן אַקטיוו געזעלשאַפטלעך און קולטורעל לעבן. אין דער ביישטאָטישער קאָלאָניזאַציע זיינען מעגלעך פאַר־שידענערליי איבערגאַנגס־פאָרמען, צוגעפּאַסטע צו די באַדינגונגען פון די געלט־מיטלען, דער פּסיכיק און מענטאַליטעט פון יעדער זיד־לער באַזונדער. זי גיט אַלעמען סיי אָרעמע סיי רייכע די מעגלעכקייטן זיך צו אַגראַריזירן. פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט איז דער אונטערשיד צווישן אָרעמע און רייכע נישט וויכטיק. אָרעמע לייט איז אַ ד ר י ן פ י ל אַ נ ט ר אָ פּ י ש ע ר ב אַ נ ד ר י ף. דאָס אידישע לעבן איז נאָך דערצו אַזוי אומזיכער און זיינע סאָציאַל עקאָנאָמישע יסודות

זיינען אזוי וואַקלדיק, אַז דער נעכטיקער עושר איז היינט אַן אביון, און דער נעכטיקער אביון קען היינט זיין אַן עושר. פאַר דער נאַציע האָט אַ קליינע באַדייטונג וואָסער פּלאַץ אין סאָציאַלן, לייטער פאַר־נעמט דער אָדער יענער יחיד. דער עיקר איז זיין פיזישע, עקאָנאָמי־שע, פסיכישע און קולטורעלע נאָרמאַלקייט.

ב) די ביישטאַטישע קאָלאָניזאַציע האָט די מעגלעכקייט אריינ־צופירן דעם גאַנצן אידישן קאָלעקטיוו פון ארגענטינע און אַנדערע זיד אַמעריקאַנער לענדער אין דער אגראַריזאַציע באַוועגונג, אויב נישט אַלעמען פאַקטיש, איז לכל הפחות פסיכיש. ס'זיינען פאַראַן צען קאַ־טעגאָריעס פון ביישטאַטישע זידלונגען. יעדער איד וועט זיך אַלזאָ קענען באַטייליקן אין דער קאָלאָניזאַציע, לויט דער באַטרעפנדער קאַטעגאָריע.

די צען פאָרמען זיינען:

א) שטאָטישע פאַרמעגלעכע איינוואוינער פון פאַרשידענע פּראָ־פעסיעס: סוחרים, אינדוסטריעלער, אינטעלעקטואַלן, העכערע באַ־אַמטע און אַנגעשטעלטע דערווערבן א נחלה פון א פערטל ביז א האַלבן העקטאַר, בויען זיך אויס אַ טשאַלעט, וואו זיי און זייער פאַ־מיליע פאַרברענגען צייטווייליק וויקענד (סוף וואָך) אָדער דעם גאַנצן זומער, אָדער נאָכן צוריקקער פון די קור־ערטער. דער קליינער שטח באָדן איז פאַרנומען מיט א פּאַרק, פרוכטן אדער גרינס און בלומען גאָרטן.

ב) זומער וואוינונגען. דער קליינער לאַנדווירט באַזיצט אַ הויז מיט 4 צימערן, מיט גרעסערע אָדער קלענערע באַקוועמלעכקייטן, וועלכע ווערט פאַרדונגען זומער צייט צו שטאָטישע געסט. אָפט איז אויך די זומער וואוינונג פאַרבונדן מיט א פענסיאָן.

ג) ספּעציאַליטעטן ווירטשאַפט: גרינסן, בלומען, פּרוכט־קולטורן, גאָרטן שולעס, וואַרעם־הייזער און ספּעקטן.

ד) געמישטע ווירטשאַפטן, וואס ווידמען זיך גלייכצייטיק דער פּראָדוקציע פון גרינסן, פּרוכט, בינען, עופות א. א.

ה) קליינע מילך־ווירטשאַפטן פון איין ביז 5 העקטאַר באַזיצן ביז 5 קי, זעצן אָפּ די מילך־פּראָדוקטן אין שטאָט.

ו) באַאמטע, ארבעטער, קליינע סוחרים, האַנטווערקער האָבן א קליינעם שטח לאַנד פון איין ביז צוויי העקטאַר, זייער נאָנט לעבן דער שטאָט, וואו זיי זעצן פאָר ווייטער זייער באַשעפטיקונג. די פאַ־מיליע באַשעפטיקט זיך ביי דער קליינער ווירטשאַפט. דער מאַן נאָך אין דער פרייער צייט, אין דער וואָכן און חגאות.

ז) „גאָרטן שטעט", דערפֿער לעבן די אינדוסטריעלע צענטערן, וואו די אַרבעטער אַרבעטן אין פֿאַבריקן אָדער זיינען באַשעפֿטיקט ביי היים אַרבעט. די קליינע לאַנדווירטשאַפֿט איז אַ וויכטיקער פֿאַקטאָר אין דער הכנסה פֿון אַרבעטער און זיין פֿאַמיליע.

ח) קאָאָפּעראַטיווע קליין־ווירטשאַפֿטן! אינדיווידועלער באַזיץ און אַרבעטס אופֿן, אָבער קאָאָפּעראַטיווער פֿאַרקויף פֿון די פּראָדוקטן.

ט) קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן: פּראָדוקציע און פֿאַרקויף אויף אַ קאָלעקטיווער באַזע. אַלע הוצאות און הכנסות גייען דורך דער געזעלשאַפֿטלעכער קאַסע.

י) לאַנדווירטשאַפֿט קאָמבינירט מיט לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אינדוסטריעס: פֿרוכט און גרינס קאָנסערוון, פֿאַרשידענע פֿרוכט־זאַפֿטן, בוימאייל און אַנדערע, און אויך הויז אינדוסטריעס (קוסטאַרנע אינדוסטריעס).

## ג) די באַדינגונגען פֿאַר דער ביישטאָטישער קאָלאָניזאַציע.

מיר וועלן נעמען אַלס אויסגאַנגספּונקט פֿון אונזערע באַטראַכטונגען אַזאַ טיפּ פֿון ביישטאָטישער קאָלאָניזאַציע, וואָס זאָל זיין דער הויפּט־מקור פֿון פּרנסה, די איבעריקע טיפּן זענען נאָר וואַריאַציעס, וואו די אינסטאַלאַציע־קאָסטן ווערן מער אָדער ווייניקער מאָדיפֿיצירט.

**די קוואַליטעט פֿון דער ערד.**

דער באָדן מוז זיין אַ זאַמדיק־ליימיק הומוס־אַנטהאַלטנדיקער, מיט נישט צו טיפֿער וואַסערשיכט, אַזאַ סאָרט באָדן, וועלכער קאָן ווערן באַאַרבעט אין משך פֿון גאַנצן יאָר און זאָל טויגן פֿאַר אַלע קולטיוון.

ער מוז ליגן לעבן אַ שאָסיי, גוטן פֿאַרקערס־וועג, די שטאָט אַלס אָפּזאַץ־מאַרק מוז זיין לייכט דערגרייכבאַר מיט דער באַן און אַנדערע מאָטאָרישע פֿאַרקערסמיטלען. דער מרחק פֿון דער שטאָט קאָן זיין פֿון איין ביז דריי שעה מיט באַן אָדער אויטאָ, אַלץ לויטן טיפּ פֿון דער ווירטשאַפֿט.

דער קאָלאָניסט, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער שטאָט און די קאָלאָניזאַציע איז ביי אים נאָר אַלס צוגאָב פּרנסה, מוז וואוינען נענטער צו דער שטאָט, ווי דער זעלבסטשטענדיקער קליין־זידלער,

ווען דאָס לאַנד דינט אַלס הויפּט מקור פון פּרנסה. דעסגלייכן האָבן אַן אינטערעס צו זיין נאָענטער צו דער שטאָט די טשאַלעט באַזיצער און די קאָמבינירטע ווירטשאַפטן מיט קליין־אינדוסטריע.

**דער סכום באָדן אויף אַ קאָלאָניסטן־משפחה:**

דער סכום באָדן איז אָפּהענגיק לויטן טיפּ פון דער ווירטשאַפט, אָנהויבנדיק פון איין ביז צען העקטאַר.

**קאָסטן־פּרייז פון העקטאַר:**

דער העקטאַר־פּרייז פונם באָדן איז אַרום 500 — 1000 פּעזעס, אַלץ לויטן מרחק פון דער הויפּטשטאָט און קוואַליטעט פון באָדן.

**אויסוואַל פון קאָלאָניזאַציע־עלעמענט:**

הגם די קערפּערשאַפט, וועלכע וועט זיך באַשעפטיקן מיט דער ביישטאָטישער קאָלאָניזאַציע, האָט אַן אינטערעס, אַז די קאַדרן פון די צו פּראָדוקטיוויזירונג צוגעפּירטע אידן זאָלן זיין וואָס גרעסער, דאָך וועט זי זיין געצוואונגען צוליבן אינטערעס פון דער זאַך, צו סעלעקציאָנירן דעם עלעמענט, וואָס וועט וועלן גרינדן ביישטאָטישע קאָלאָניעס. עס וועט מוזן זיין אַ פיזיש און מאָראַליש צוגעפּאַסטער עלעמענט צום נייעם באַרוף. פאַר אַ ניי־געגרינדעטער קאָלאָניע וועט מען, ווי ווייט מעגלעך, קלייבן שכנים פון איין קולטורעלן ניוואָ, כדי פון פאָראויס צו זיין געזיכערט אין אַ האַרמאָניש צוזאַמענלעבן. עס איז נישט אַזוי וויכטיק די פיזישע געאייגנטקייט (וועלכע ווערט אגב דורך פּראַקטישע אַרבעט דערוואָרבן) ווי מאָראַלישע קוואַליטעטן, באַוואוסטזיין און פעסטער ווילן, אַנטשלאָסנקייט זיך צו א י ב ע ר ב ו י ע ן, געניינגטקייט צו איינפּאַסן זיך אין דער דאָרפישער סביבה, וואו עס פאָדערט זיך דער קאָאָפּעראַטיווער און געזעלשאַפטלעכער אחריות־געפיל.

## ד) וואָס קאָן פּראָדוצירט ווערן אין די ביישטאָטישע קאָלאָניעס?

די ביישטאָטישע קאָלאָניעס קענען פּראָדוצירן:

**גרינסן:**

פאַרן אייגענם געברויך און צום פאַרקויף. מייסטנס ווערט גע־

ליגט געוויכט אויף דער פראָדוקציע פון נישט לייכט פאַרדערבלעכע גרינסן, ווי: קאַרטאָפל, אַרבעס, באָב, ציבעלע, קנאָבל, בוראַקעס, אוגערקעס, זריעה פון גרינסן וכדומה.

**פרוכטגאָרטן**

סעלעקציאָנירטע פרוכטן, גאָרטנשולע (וויוועראָ).

**פּלאַנטאַציעס:**

בלומען און צירונגס־פלאַנצן.

**אייער־ און עופות־פּראָדוקציע:**

נאַטירלעכע און קינסטלעכע צוכט. די קינסטלעכע צוכט איז זייער לוינבאַר צוליב אינדוסטריעלע צוועקן און גרויספּראָדוקציע פון עופות (אין האָלאַנד און אין צפון־אַמעריקע איז פאַראַן ספּעציעלע עופות־פאַרמס מיט בריט־מאַשינען ביז אַ מיליאָן אייער קאַפּאַציטעט). די נייע קאָלאָניעס וועלן אויך דערווערבן אינקובאַטאָרס פון גרעסערער קאַפּאַציטעט אויף אויסצובריען מאָנאַטלעך עטלעכע טויזנט עופות, וועלכע וועלן ווערן אויפגעהאָדעוועט אינדיווידועל אָדער קאָלעקטיוו.

**בינענצוכט:**

דער פּראָדוקציע פון האָניק ווערט געווידמעט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

**מילכווירטשאַפט:**

אויך דעם דאָזיקן צווייג פון דער לאַנדווירטשאַפט ווערט אָפּגעגעבן אַ געהעריקער פּלאַץ. די פּראָדוקציע פון מילך ווערט פאַרקויפט דירעקט אַלס פריש מילך, פּאַסטעוריזירטע פלאַשן־מילך, ווערט אויך איבערגעאַרבעט אין פּוטער, קעז א. א.

## ה) דער אידישער קאָלעקטיוו־גייסט אין דער ביישטאָטישער קאָלאָניע.

**קאָאָפּעראַטיוועס:**

ווינשנסווערט, אַז די גאַנצע קאָלאָניע זאָל זיין אָרגאַניזירט אין קאָאָפּעראַטיוון גייסט. עס מוז זיין אַ פאַרקויפס־ און איינקויפס־

קאָאָפּעראַטיווע, אַ קאָאָפּעראַטיווע יאַטקע, בעקעריי, קעזפאַבריק, עופות־צוכט, קאָנסערוונפאַבריק, אָדער אַנדערע אינדוסטריעס. די קאָאָפּעראַטיוועס זיינען אַ אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט, ווייל די קליינקאָלאָניסטן אַרום בוענאָס איירעס ליידן זייער פון דעם פאַר־מיטלער, וועלכער נעמט צו ביי דעם קאָלאָניסט אַ גרויסן טייל פון זיין ריוח. די קאָלאָניע מוז שטיין אין דירעקטער פאַרבינדונג מיטן קאָנסומענט: האָטעל־באַזיצער, קאַפעען, רעסטאָראַנען, עווענטועל פּריוואַט־קליענטן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט מוזן די קאָלאָניעס עפענען אין דער שטאָט פאַרקויפסשטעלן.

די נייע קאָלאָניעס מוזן טראָגן אַ דורכאויס אידישן כאַראַק־טער, זיי מוזן האָבן אידישע שולעס, שילן, ביבליאָטעקן, און אַ קול־טורעל לעבן, וואָס זאָל אַריינברענגען דערמוטיקונג און פרייד אין דערציען די יוגנט אַלס מוסטערהאַפטע אידן — מענטשן און קאָ־לאָניסטן.

די באַוועגונג פון דער ביישטאָטישער קאָלאָניזאַציע, וועלכע איז אין אונזער יאָרהונדערט זייער אויסגעוואַקסן, איז שטאַרק סטימו־לירט געוואָרן דורך קרעדיטן, סובסידיעס און פאַרטיילונג פון פּיס־קאַלע און מוניציפּאַלע ערדן פאַר זידלונגס־צוועקן. די דאָזיקע באַ־וועגונג „צוריק אין דאָרף“, איז געוואָרן אַ מיטל פון סאָציאַלער פּראָ־פילאַקטיק, קאַמף קעגן פאַראָרעמטקייט, איבערבאַפעלקערונג און די־רות־מאַנגל אין די גרויסע שטעט, אַרבעטסלאָזיקייט מיט אַלע אירע טרויעריקע דערשיינונגען.

אַזוי זיינען אַנטשטאַנען נאָך דער וועלט־מלחמה די צענדליקער טויזנטער קליינע זידלונגען לעבן בערלין, ווין, קאָפּענהאַגן, אַמסטער־דאַם און אַנדערע גרויסע אייראָפּעאישע שטעט.

די מינדערוווערטיקע שטחים ערד זענען געוואָרן דורך פאַרשי־דענע מאָס־מיטלען פאַרבעסערט. די זומפּן אויסגעטריקנט, זאַמדיקע טרוקענע ערדן באַוואַסערט. אין האָלאַנד האָט די מלוכה אונטערגע־נומען דאָס ריזן־ווערק אויסצוטריקענען די זוידערזעע, כדי צו שאַ־פן פּלאַץ פאַר טויזנטער אַרבעטער משפחות, דאָס גלייכן האָט די איטאַליענישע מלוכה אויסגעטריקנט די ריזיקע זומפּן לעבן רוים, אַ באַמת קאָלאָסאַלע אַרבעט, מיט וועלכער דער איטאַליענישער פאַ־שיזם שטאָלצירט.

## 8) וואָס וועט פאַר די אַרגענטינער אידן געבן די קאָלאָניזאַציע פון די נייע אימיגראַנטן?

די אַגראַריזאַציע־באַוועגונג פון די אימיגראַנטן וועט ווירקן לטובה אויף דער שטאָטישער און דאָרפישער איד. באַפעלקערונג אין אַרגענטינע. אַ באַדייטנדער טייל פונם ישוב, איבערהויפּט די יוגנט, וועט מיטגעריסן ווערן מיטן שטראָם פון דער אַגראַריזאַציע־באַוועגונג. אויף אַזאַ אופן וועט דאָס אַרגענטינישע אידנטום קענען נאָרמאַליזירן זיין לעבן און זיך באַפרייען פון דער סכנה, וואָס די וואקסנדיקע טראָסטיפיקאציע און די קאָאָפּעראַציע באַדייט פאַר אים. אַ חוץ דעם וועט דאָס פּאָזיטיוו ווירקן אויף די אַלטע אידישע קאָלאָניסטן און זייערע קינדער, אַזוי אַז זיי וועלן שוין נישט לויפן מער פון דאָרף אין שטאָט.

## 9) די געלט מיטלען פאַר דער מאַסן־אַגראַריזאַציע אין זיד־אַמעריקע.

וואָס גרעסער די אויפגאַבן און וואָס ברייטער די מעגלעכקייטן, אַלץ גרעסער וועלן זיין די מיטלען. ס'איז נישטאָ קיין צווייפל, אַז מ'וועט געפינען די נויטיקע פינאַנסיעלע מיטלען פאַר דעם וויכטיקן פאָלקס־צוועק פון דער אידישער קאָלאָניזאציע אין זיד־אַמעריקע.

דאָס וועלט־אידנטום, באַזונדער דער נאָרד־אַמעריקאנער, וועט זיך פאַר דעם צוועק פריייוויליק ביישטייערן. פּונקט ווי ער האָט געשאַפן צען מיליאָן דאָלאַר פאַר דער אַגראַריזאַציע אין קרים און בּיראָבידזשאַן (דורך דער פאַרמיטלונג פון „געזערד” און „אגראָדזשוינט”), אַזוי וועט ער זיכער שאַפן נאָך מער מיליאָנען פאַר דער נייער אַגראַריזאַציע־באַוועגונג אין די זיד־אַמעריקאנער רעפּובליקן, ווייל די נויט איז איצט אומגעהויער גרעסער ווי פריער און עס וועט ניט זיין קעגן דעם קיין ניגוד פון קיין שום צד.

די ציוניסטן, וועלכע שפּילן די הויפּט־ראָלע אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועלן געוויס זיך שטעלן אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג און וועלן מיטהעלפן מיט אַלע קרעפטן דעם דערפאָלג פון דער אַגראַריזאַציע באַוועגונג, וואָס עס אַנטשפּרעכט לגמרי זייער וועלט־אַנשויאונג:

די עקאָנאָמישע איבערבויאונג פון אידישן לעבן, די אַזוי גערופענע פּראָדוקטיוויזאַציע, דער מאַסן ־ איבערגאַנג פון פאַרמיט־

לערישע ווירטשאפטלעכע פונקציעס צו דירעקט פראדוצירנדיקע (ערד־ארבעט, מלאכה און אינדוסטריע), אט די אויפגאבן, וואס אלע אידישע געזעלשאפטן היינט צו טאג פארנעמען זיך מיט זייער דורכ־פירונג — האבן זיי דאך אין זייער געבורטס־מעטריקע דעם ציוניס־טישן שטעמפל, ווייל דער ציוניזם מיינט נישט בלויז מעכאנישע, נאר בעיקר בעמישע איבעראנדערשונג פונם אידישן פאלק, נישט בלויז געאגראפישער שנוי, נאר בעיקר פסיכאלאגישער שנוי, אינער־לעך פסיכישע איבעראיינשטעלונג פון אידישע מענטשן, צו ארבעט און פראדוקטיוון שאפן.

די פראדוקטיוויזאציע פון די אידישע מאסן, האלט דער ציו־ניזם, איז נישט א טייל־נויטיקייט (נאר פאר באשטימטע שיכטן) און איז נישט אפהענגיק פון בלויזע מלוכה־פארמען (נאר ביז דעם פאלן פון דעם אדער יענעם רעגירונגס־רעזשים), נאר אן אלגעמיי־נע פאלקס־נויטיקייט, וואס איר שארפקייט ליגט אין דער סטרוקטור פון אידישן פאלק גופא. די ספעציפישע עקאנאמישע לאגע, וועלכע איז גלייכצייטיק אויך א ספעציפישע פסיכישע לאגע, איז נישט דער סימן, נאר פון איין מין שיכט פון אידישן פאלק, נאר פונם גאנצן פאלק אלס אזעלכן.

און פון דעם אלעם איז דער אויספיר: די בייטונג אליין פון מלוכהשע פארמען קאן נישט די אידישע נויט־לאגע ראדיקאל, פאז־זיטיוו ענדערן. לויט דעם ציוניזם מוז דאס אידישע פאלק טעריטא־ריעל איבערגרופירט ווערן, ד. ה. עס מוז אריבערגעפירט ווערן אין אזא נייער טעריטאריעלער סביבה, וואו די פאקטישע שטערונגען פאר זיין עקאנאמישן און גייסטיקן געזונט־ווערן, זאל נישט עקז־זיסטירן.

און די טעריטאריעלע איבערגרופירונג מוז זיין א קאנצענטריר־טע פון אלע וועלט־טיילן צוזאמען, ווייל אלע פאלקס־טיילן נויטיקן זיך אין דער עקאנאמיש גייסטיקער געזונט מאכונג. און די טעריטא־ריעלע קאנצענטרירטע איבערגרופירונג קען געשען, נאר אין ארץ ישראל.

די באוואוסטזיניקע און בעסערע ציוניסטן ווייסן און אנערקע־נען, אז ארץ ישראל איז נישט ביכולת ביי היינטיקן טאג און נישט אין דער נאענטער צוקונפט אריינצונעמען די מערהייט פון אידישן פאלק, וועלכע וועט ווייטער מוזן בלייבן אין גלות. דעריבער איז נוי־טיק צו רעאליזירן אויף וויפל עס לאזט זיך אביעקטיוו, די אידייען

פון ציוניזם: סאָציאַל־עקאָנאָמיש, פּסיכאָלאָגיש און קולטורעל איבערבוי — אויך אין די גלות־לענדער.

## 10) די געלט־קוועלן פאַר דער זיד־אַמעריקאַנישער קאָלאָניזאַציע:

1) די געזעלשאַפט „איבערבוי" וועט שאַפן אין בוענאָס איירעס אַ ספּעציעלן אַגראַר־קאָמיטעט, וואָס זאָל:

1) גרינדן אויפן פּלאַץ פאַרשידענע אונטערנעמונגען, וועלכע זאָלן אַריינברענגען גרעסערע סומען פאַר קאָלאָניזאַציע־צוועקן;

2) באַקומען פאַרטרעטונגען דירעקט פון די שיף־געזעלשאַפטן, וועלכע וועלן ברענגען די אימיגראַנטן אין די זיד־אַמעריקאַנישע לענדער;

3) דורכפירן קאַמפּיינען אין לאַנד און די שכנות'דיקע לענדער;

4) זיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די אידן אין נאָרד־אַמעריקע, אַז זיי זאָלן דאָרט מיטהעלפן אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלן „אַגראָ־דזשוינט" פאַר דער זיד־אַמעריקאַנער קאָלאָניזאַציע;

5) שיקן שלוחים אין די אייראָפּעאישע לענדער מיטן צוועק צו גרינדן אָפּטיילונגען פון דער געז. „איבערבוי" און מיטהעלפן צו אָרגאַניזירן די הכשרה־פּונקטן פאַר די חלוצים, וועלכע וועלן זיך דאַרפן קאָלאָניזירן אין די זיד־אַמעריקאַנישע לענדער;

6) אָרגאַניזירן אַ „טראַנספּער" צווישן די אייראָפּעאישע לענדער און אַרגענטינע;

7) גרינדן אַ אידישע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט, וועמענס פאַרדינסטן וועלן פאַרווענדעט ווערן פאַר דער אידישער קאָלאָניזאַציע.

מיר אַלע ווייסן זייער גוט, ווי גרויס עס זיינען די פּראָפיטן פון די פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן, וועלכע אַרבעטן דאָ אין לאַנד. די אידישע באַפעלקערונג, ספּעציעל די פאַרמעגלעכע קרייזן, צאָלן יערלעך מיליאָנען פּעזעס אַלס פּרעמיעס צו די פאַרזיכערונגס־קאָמפּאַניעס,

וועלכע ווערן ממש נתעשר און וועמענס דיווידענדן גייען אין די טאשן פון די מייסטנס אויסלענדישע אקציאָנע־רן. אַ אידישע פארזיכערונגס־געזעלשאפט וואָלט גע־ווים געהאַט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג, ווען אין דער שפּיץ פון דער אונטערנעמונג וועלן זיך שטעלן מענטשן מיט אַ שטאַרקער עקאָנאָמישער פּאָזיציע און גרויסן געזעל־שאפטלעכן סטאַזש, וועלכע האָבן צוטרוי אין די ברייטע פאָלקס־קרייזן פון אונזער היגער קאָלעקטיוויטעט. אַזאַ געזעלשאפט, וועלכע זאָל זיין דורך ריקפארזיכערונג פארבונדן מיט די אינטערנאַציאָנאלע מעכטיקע קאָמפּאַ־ניעס, וועט באַשטימט זייער שנעל דעראָבערן נישט נאָר אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט אין די אידישע קרייזן, נאָר וועט אויך דורך קאָמערציעלע פּאַרבינדונגען באַשטימט דערווערבן אַ גרויסן קונדן־קרייז אויך ביי די אומות־העולם, וואָס לעבן מיט אונז אין לאַנד. די אויסזיכטן פאַר אַזאַ אונטערנעמונג, ווען זי זאָל געבויט ווערן אויף פעסטע פינאַנציעלע יסודות, זענען קאָלאָסאַל: די פאַר־זיכערונגס־געזעלשאפט קאָן ווערן אַ שטאַרקע פּאָזיציע אין אונזער היגן סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן און שאַפן גרויסע פּערמאַנענטע מיטלען פאַר אונזער הויפּט־צוועק, — אַגראַריזאַציע.

2) אַגראַר־באַנק. די אידישע אַגראַר־באַנק, וואָס עס עקזיסטירט אין בוענאָס איירעס, וועט מוזן פאַרוואַנדלט ווערן אין דעם פי־נאַנסיעלן אינסטרומענט פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע פון גאַנצן זיד־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט. אירע אויפגאַבן:
   1) באַפעסטיקן די אַלטע אידישע קאָלאָניעס;
   2) העלפן דעם יונגן קאָלאָניסטישן דור (די קאָלאָניסטישע זין) באַזעצן זיך אין פעלד;
   3) העלפן די אידישע יוגנט פון גאַנץ זיד־אַמעריקע איבער־צוגיין פון די שטאָטישע פרנסות צו ערד־אַרבעט;
   4) העלפן די אידישע אימיגראַנטן פון אייראָפּע צו קאָלאָ־ניזירן זיך.

די אַגראַר באַנק האָט צו דערפילן אַ גרויסע פאָלקס־אויפגאַבע. סאיז דעריבער צו האָפן, אַז די פאַרמעגלעכע אידן פון דער גאַרער וועלט, וועלן אונטערשרייבן אַ גרעסערע צאָל אַקציעס און שאַפן די נויטיקע קאַפּיטאַלן, וואָס אַזאַ ריזיקע קאָלאָניזאַציע־אונטערנעמונג

פֿאָדערט. די אַגראַר־באַנק וועט מוזן האָבן אין פֿאַרשידענע לענדער אירע פֿאָרשטייער, וואָס זאָלן פֿאַרשפּרייטן אירע אַקציעס.

3) לאַנדסמאַנשאַפֿטן־ און קרובים־הילף:

לאַנדסמאַנשאַפֿטן, גרעסערע אינסטיטוציעס און קרובים שיקן איבער יאָר־איין יאָר־אויס מיליאָנען דאָלאַרן קיין אייראָפּע; מיליאָנען, וועלכע לינדערן אויף אַ מאָמענט די גרויסע נויט, אָבער ענדערן ניט מיט גאָרניט דעם פֿאַרצווייפֿלטן מצב פֿון די אידישע מאַסן. ס'איז אָבער מעגלעך צו פֿאַרווענדן די געשיקטע געלטער אין קאָנסטרוקטיווע הילף, ווען זיי זאָלן אינוועסטירט ווערן אין אימיגראַציאָנס־לענדער, וואו מען זאָל מיט זיי קאָלאָניזירן די מזרח־אייראָפּעאישע אידן, וועלכע וועלן נאכהער אַראָפּברייננגען זייערע אַנדערע קרובים א. א. וו. מיט דעם געלט, וואָס די קרובים ווילן שיקן אין דער אַלטער היים, זאָלן זיי קויפֿן אַקציעס פֿון דער אַגראַר־באַנק, וועלכע וועט זיך דאַרפֿן פֿאַרפֿליכטן צו קאָלאָניזירן זייערן אַ קרוב אין זיד־אַמעריקע. מיט דעם טוט מען אַ טובה אי דעם קרוב, אי זיך זעלבסט. מען העלפֿט קאָלאָניזירן אַ אייגענעם און דאָס געלט ווערט ניט פֿאַרלוירן און מען דערהאַלט פֿאַר דעם דיווידענדן. מען העלפֿט אַרויס אַ קרוב און מען שפּאָרט נאָך דערצו אָפּ געלט.

די קרובים־הילף קאָן אָננעמען דריי פֿאָרמען:

1) דער קרוב (וועלכער וואוינט אין נאָרד־ אָדער זיד־אַמעריקע) קויפֿט אַ געוויסע צאָל אַקציעס פֿון דער אַגראַר־באַנק, וועלכע איז זיך מתחייב צו קאָלאָניזירן זיינע אַ פֿאַרוואַנדטע משפּחה.

2) דער קרוב, אָבער, וועלכער פֿאַרמאָגט ניט קיין מזומן געלט, באַקומט אַ קרעדיט אין אַ פֿינאַנציעלער אינסטיטוציע, וועלכע קויפֿט איין די אַקציעס און האַלט זיי אין איר רשות אַלס אַ משכון ביז ער צאָלט אויס דעם קרעדיט, אָבער דער פֿאַרוואַנדטער ווערט גלייך קאָלאָניזירט.

3) דער קרוב, וועלכער האָט קיין מזומן געלט און אויך ניט די מעגלעכקייט צו באַקומען דעם געהעריקן קרעדיט, עפֿנט אַ שפּאָר־קאָנטאָ אין דער אידישער אַגראַר־באַנק, דירעקט אויב ער וואוינט אין אַרגענטינע, אָדער אומדירעקט דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אַן אָרטיקער באַנק, אויב ער וואוינט אין אויסלאַנד.

די אַגראַר־באַנק וואָלט געדאַרפֿט נעמען אין אירע הענט די אי־

ניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן די דריי פאָרמען פון קרובים־הילף. זי קאָן עס טון דורך דער פאַרמיטלונג פון נאָרד־אַמעריקאַנער בענק, וועל־כע האָבן דאָ פיליאַלן און וועמענס צענטראַלע וואָלט שוין אַליין איינגעאָרדנט אין די פאַראייניקטע שטאַטן דעם פאַרקויף פון די אַקציעס, דאָס אַרויסגעבן קאָלאָניזאַציע־קרעדיטן און די דערפענונג פון שפּאַר־קאָנטעס.

די לאַנדסמאַנשאַפטן און די קרובים זיינען ביכולת אַריינצו־ברענגען מיליאָנען פאַר דער אַגראַריזאַציע־באַוועגונג אין זיד אַמערי־קע, מיליאָנען, וועלכע וועלן נישט פאַרלוירן גיין, ווי אין דעם פאַל פון אַ פילאַנטראָפּישער הילף, נייערט איבערבלייבן און זיך פאַרגרע־סערן און זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אומגעהויערן פאָלקס־רייכטום.

3) **איקאַ** — די נייע אַגראַריזאַציע באַוועגונג שטרעבט ניט צו קאָנקורירן מיט דער איק״א, פאַרקערט זי וועט אַרבעטן אין פולן קאָנטאַקט מיט איר. מיר גלויבן, אַז די איק״א וועט ניט בלייבן הינ־טערשטעליק, וועט קומען צו הילף דעם אַגראַר־קאָמיטעט און דער אַגראַר־באַנק און וועט באַנייען און פאַרברייטערן, פון איר זייט, איר קאָלאָניזאַציע טעטיקייט.

4) פאַרשידענע פינאַנציעלע אינסטיטוציעס און קאָמערציעלע געזעלשאַפטן וועלן באַווילִיקן לאַנג־טערמיניקע און ביליקע קרעדיטן אויף קאָלאָניזאַציע־צוועקן אין זיד־אַמעריקע.

5) מלוכה־קרעדיטן. — די רעגירונגען פון די זיד־אַמעריקאַנער לענדער זיינען גרייט צו העלפן די איבערזידלער מיט ערד פון מלו־כה׳שע ערד־רעזערוון און מיט לאַנג טערמיניקע קרעדיטן פון די שטאַטלעכע אַגראַר־בענק.

## 11) די מעגלעכקייט פון אַן אידעאַליסטישער אַגראַ־ריזאַציע-באַוועגונג צווישן די אידישע מאַסן.

צי איז מעגלעך אין אַזאַ מאַטעריאַליסטישער צייט, ווי די היינ־טיקע און אין קליינבירגערלעכער סביבה אַרויסצורופן אַ גרויסע אידעאַליסטישע באַוועגונג פאַר אַגראַריזאַציע?

יאָ, ווייל איינע פון די אייגנאַרטיקסטע כאַראַקטעריסטישסטע שטריכן פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פסיכיק — איז אידעאַליזם.

אין רויטן שיין פון אומגעווייגלעכע רדיפות און דיסקרימינאַ־ציעס אויף די אידן אין די אייראָפּייאישע לענדער וועט זיך דערוועק־קן דער נאַציאָנאַלער אידעאַל ביי דער אידישער יוגנט צו ראַטעווען

דאָס אידישע פאָלק פון אונטערגאַנג, פאַר סאָציאַל עקאָנאָמישן איי־בערבוי, פאַר אַ גרויסער און ברייטער אַגראַריזאַציע־באַוועגונג, און זיי וועלן זיך מאָביליזירן אַלס וואָלונטירן אין לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות און הכשרה־פונקטן, כדי זיך אויסבילדן אַלס סעלעקציאָנירטע פּיאָנערן אין די פעלדער פון זיד־אַמעריקע, כדי צו איבערבויען זייער לעבן און דעם לעבן פון אידישן פאָלק אויף נאָרמאַלע און געזונטע יסודות.

אין שיין פון די רדיפות און גזירות, וואָס דאָס אידישע פאָלק לעבט איבער — וועט ער זיך אויפהויבן און וועט מאַכן אַ סוף צו דער דורכאויסיקער קרעמערישקייט, צו די קליינע השגות פון די קליינע מענטשן און דאַן וועלן אויסוואַקסן און פאַרפעסטיקן זיך אויף אַן אמת די רעאַלע פּלענער פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן איבערבוי. דאָס אידישע פאָלק, וואָס איז געלייטערט געוואָרן דורך אַזעלכע שרעקלעכע איבערלעבענישן און אומגעווייניעלכע פיזישע און גייסטיקע ליידן, וואָס האָט אָנגעהויבן פילן און פאַרשטיין ווי ווייניק עס באַדייט היינט די פּאָזיציעס פון רייכקייט און כבוד, וועט קאָנען אויפטאָן געוואַלדיקעס און ערהאַבענעס אויפן געביט פון איבערבוי.

מיר גלויבן, אַז אַזוי וועט דאָס געשען. מיר האָבן דאָס רעכט צו גלויבן אַזוי, ווייל אין אונזער אידישער געשיכטע האָבן זיך אַזעלכע דערשיינונגען אייניקע מאָל איבערגע׳חזרט. אין אַ סביבה פון קרעמערס, מעקלערס און אַרענדאַטאָרס איז, למשל, דער חסידיזם באַשאַפן געוואָרן... מיר דערמאָנען די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע יוגנט־באַוועגונג אין אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט, וואָס איז אַנטשטאַנען אין אַ קליין־בירגערלעכער סביבה און דער „החלוץ“ און „השומר־הצעיר“־באַוועגונג פון נאָך דער מלחמה, אין וועלכער עס זיינען אַריינגעמראָטן אויסשליסלעך קינדער פון סוחרים און פאַר־מיטלער.

אַזוי וועט אויך זיין איצט. אין אַ סביבה פון סוחרים און פאַר־מיטלער מיט אַן אויסגעשפּראָכענער קליינבירגערלעכער פּסיכאָלאָגיע, וועלכע זענען זייער ווייט פון אידעאַליזם, וועט באַשאַפן ווערן אַ גרויסע און שטאַרקע אידעאַליסטישע מאַסן־באַוועגונג צו רעאַליזירן די איבערבוי־אידייען דורך פּאַכמענישער און גייסטיקער הכשרה, דורך איבערשיכטונג און אַגראַריזאַציע.

לאָמיר זיך האַלטן, ווי אַן איוב צווישן די פעלקער, ווי איוב, וועלכער איז געקומען דורך יסורים צו מעשים, און איז פאַרלאָזן גע־

וואָרן פון גאָט און לייטן, כדי גאָט און לייטן צו דינען.

לאָמיר בויען אונזער ווירטשאַפט און איינריכטן אונזער געזעלשאַפט אַזוי, אַז מיר זאָלן זיך פרייען מיט אונזער שווערער אַרבעט און מיט אונזער בכבודיקן לעבן.

איין זאַך איז זיכער: אויב עס וועט אונז גוט גיין אין אונזער נייעם, איבערגעבויטן לעבן, אויב אונזערע נשמות וועלן פריילעך זיין, וועלן די אָרימע און די ערלעכע ביי אַלע אַנדערע פעלקער נאָכטאָן אונזער ביישפּיל. קיין זאַך אין דער וועלט האָט ניט אַזאַ כוח, אַזאַ כוח וואָס איז תמיד מנצח, און וועלכן מ'קאָן ממש ניט ביישטיין, ווי דאָס גוטע און ערלעכע.



„פדות נפשנו קודמת לגאולתנו".
(י. ל. גאָרדאָן און אחד־העם)

# געזעלשאַפט „איבערבוי"

די געזעלשאַפט „איבערבוי" שטעלט זיך די אויפגאבע צו פאַר־ווירקלעכן די אידייע וועגן אַ דריי־פאַכיקע רעוואָלוציע אינם לעבן פון די אידישע מאַסן, נעמלעך: אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע, אַ נאַציאָ־נאַל־פּסיכאָלאָגישע און אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע.

1) אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע, דער א י ב ע ר ב ו י פון די פונ־דאַמענטן פון אונזער לעבן, דאָס אַוועקשטעלן אים אויף נ י י ע יסודות פון אַרבעט בכלל און ערד־אַרבעט בפרט, כדי אויך אונזערע פאָלקס־מאַסן זאָלן קאָנען ציען זייער חיונה דירעקט פון דער נאַטור און ניט פון דעם האַנדל מיט פּראָדוקטן פון פרעמדער אַרבעט;

2) אַ נאַציאָנאַל־פּסיכאָלאָגישע — דער איבערבוי פון דער אי־דישער פּסיכיק, דאָס וויל זאָגן — באַקעמפן אין אונזערע נשמות דעם גייסטיקן גלות און דעם סינקרעטיזם.

א) דער גייסטיקער גלות — דער מינדערווערטיקייטס־קאָמ־פּלעקס, דער „ונהי בעינינו כחגבים", די עבדות בתוך חרות, די גלות־פּסיכאָלאָגיע. דער וואָרצל פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע ליגט ניט אין דעם אַלגעמיינעם פאַקט, וואָס מיר לעבן אין גלות, נאָר אין דער ספּעציעלער דערשיינונג, וואָס מיר לעבן אין גלות פ אַ ר ש ק ל אַ פ ט. דער ש ק ל אַ פ י ש ע ר ז י ן — אָט דאָס איז דער מקור פון וואַנען עס שלאָגט די גלות־פּסיכאָלאָגיע, און די בעסטע פאָרמול פאַר איר האָט דער איד באַשאַפן אין זיין פּסח'דיקן שפּרוך פון „השתא עבדי, לשנה הבאה בני חורין": איצט זיינען מיר קנעכט, איבעראיאָר וועלן מיר זיין פרייע מענטשן. אין דעם ה ש ת א ע ב ד י — אין דעם אָפּטרעטן פאַר דער קעגנוואַרט, אָט דאָ ליגט דער

אייגנטלעכער סם־המות פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע. ווײל מען באמת באַפרייט ווערן פון איר, מוז מען תמיד האַלטן פאַר די אויגן דעם היפּך, איר ערגסטן און ביטערסטן שונא: די פּסיכאָלאָגיע פון דעם  פ ר י י ע ן,  ש ט אָ ל צ ן,  זעלבסט־שטענדיקן מענטשן. אַלץ אַנטקעגן וואָס עס פּראָטעסטירט דער  ב ן ־ ח ו ר י ן  אין דיר, איז גלות ־ פּסיכאָלאָגיע, איז יענע גיפטיקע פלאַנץ, וועלכע מוז אויסגעראָטן ווערן „עד חרמה“.

ב) דער סינקרעטיזם — די תערובת פון אידנטום און הײדנ־טום, פון נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע, דער גײסטיקער שעטנז. שעטנז הייסט אַ שטאָף, אויסגעוועבט פון געמישטע פעדים — האַלב ליינען און האַלב וואָל; אין דער תורה איז פאַראַן אויף דעם אַ בפירושער פאַרבאָט. די סיבה פון דעם איסור איז אויך קלאָר. אין יענע אַלטע צייטן האָט זיך די וועלט־ווירטשאַפט געטיילט אויף צוויי וויכטיקע צווייגן: ערד־אַרבעט און פי־צוכט. צווישן די ביידע איז, נאַטירלעך, געשטאַנען אַן אייביקע שנאה — ווייל דער פאַסטוך באַ־דאַרף צופיל לאַנד. נאַטירלעך פלעגן ערד־אַרבעטער טראָגן ליינען־קליידער און פאַסטוכער — וואָלענע. אַזוי האָט מען תיכף ומיד געקאָנט דערקענען מיט וועמען מען האָט צו טאָן. אָבער אַ מענטש, וואָס טראָגט קליידער פון אַ געמישטן שטאָף, איז נישט דאָס און נישט יענץ. און דאָס האַלט די תורה פאַר טריף. „איבערבוי“ וויל מאַכן אַ פאַרזוך אָפּצושאַ־פן דעם שעטנז אין די אידישע נשמות;

3) די נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעוואָלוציע. דאָס איז אַ קריטישע איבערשאַצונג פון אַלע קולטורעלע ווערטן, מיט וועלכע אונזער פאָלק האָט געלעבט ביז איצטיקער צייט.

די אויסגערעכנטע דריי „רעוואָלוציעס“ דאַרפן זיין אינוויינ־קטע, זיי דאַרפן געמאַכט ווערן ניט מיט פיזישער קראַפט און צוואַנג און ניט מיט גוואלד, נאָר דורך פרייהייט און פרייוויליקייט. לא בחיל ולא בכוח כי אם ברוח.

די אידייען פון „איבערבוי“ זיינען, אייגנטלעך, ניט קיין נייע אויף דער אידישער גאַס. יעדער פּאַרטיי האָט אין איר פּראָגראַם אַ געוויסן פּונקט פון די איבערבוי־אידייען; אָבער די נייע געזעלשאַפט „איבערבוי“ האָט געשטעלט אין איר פּראָגראַם אַלס  ע י ק ר  ה ע י ק ר י ם  די איבערבוי־אידייען. ביי איר איז דער איבערבוי ניט גלאַט איינער פון די פיל מעגלעכע וועגן צו דער  ג א ו ל ה,

דאָס איז דער הויפּט־וועג, די צענטראַלע ספּרוזשינע פון גאַנצן מעכאַ־ניזם. אַלע אַנדערע מיטלען וועלן געלינגען אָדער דורכפאַלן, סוף כל סוף, נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, צי עס וועט געלינגען אָדער נישט געלינגען צו לעזן אָט דאָס צענטראַלע פּראָבלעם: ווי אַזוי רעאַ־ליזירן דעם דריי־פּאַכיקן איבערבוי אין לעבן פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן אין די תפוצות־הגולה.

כדי צו פאַרווירקלעכן די איבערבוי־אידייען וועט מען זיך מו־זן באַנוצן מיט די פאָלגנדע צוויי וועגן:

1) חלוציזם — אַ חלוצישע באַוועגונג, וועלכע זאָל נעמען אויף זיך די אויפגאַבע צו רעאַליזירן די איבערבוי־אידייען אויף אַ ר ע־וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ן אופן, דורך אַ פּלוצימדיקן איבערברוך;

2) פאָלקיזם — אַ פאָלקס־באַוועגונג, וועלכע וועט פאַרווירק־לעכן די איבערבוי־אידייען אויף אַ ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ן אופן, בהדרגה, צוגעפּאַסט צו די פאָלקס־כוחות און מעגלעכקייטן.

## א) איבערבוי אַלס חלוצישע באַוועגונג

„אין דער חלוצישער באַוועגונג זע
איך עקבתא דמשיחא“.
(א. ד. גאָרדאָן)

אַ פּלוצימדיקער איבערברוך, אַ פּלוצימדיקער איבערגאַנג פון אַלטן צום נייעם איז מעגלעך אין די יונגע יאָרן פונם מענטשלעכן לעבן. יוגנטלעכע, וועלכע האָלטן ערשט ביים אַריינטרעטן אין לעבן, זיינען אומשטאַנד דורכצופירן אַ „רעוואָלוציע“, ד. ה. זיך לאָזן אויף נייע וועגן, שאַפן אַ נייעם געזעלשאַפטלעכן סדר, אויס־אַרבעטן אַ נייעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן געבוי, אָפּפרישן די פאָלקס־נשמה, צוריקקערן זיך צו די מקורות פון דער פאָלקס־קולטור און באַ־לעבן זי מיט אַ נייעם שעפערישן גייסט.

חלוצים איז דער טייטש פּיאָנערן, און אויך „רעוואָלוציאָנערן“. רעוואָלוציאָנערן, יאָ, אינם זין, אין וועלכן אַ פּיאָנער איז אַ „רעוואָ־לוציאָנער“. זייער „רעוואָלוציע“ דאַרף אָבער זיין אַן אינערלעכע, אויסשליסלעך אַן אינערלעכע. דער ראַדיקאַלער איבערבוי פון דער חלוצישער יוגנט וועט משפיע זיין אויף די ברייטערע אידישע פאָלקס־מאַסן, און אַרויסרופן אין זיי אַ לאַנגזאַמערן עוואָלוציאָניס־טישן איבערבוי, אַ לאַנגזאַמען צופּאַסונגס־פּראָצעס צו די נייע לע־

בנס־פאָרמען, וואָס די יוגנט וועט אויסאַרבעטן אָדער אויסגעפינען אין איר׳ע העראָאישע זוכענישן.

## ב) „איבערבוי" אַלס פאָלקס־באַוועגונג

דער „איבערבוי" וועט שטרעבן דורכצופירן זיינע לאָזונגען אין טאָג־טעגלעכער אַרבעט דורך פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג פון זייַנע צילן.

די לאָזונגען פון „איבערבוי" זיינען פאָלגענדע:

די „איבערבוי"־באַוועגונג איז אַ ברייטע פאָלקס־באַוועגונג, וועלכע דאַרף אַרומנעמען די אַרבעטערשאַפט, די ברייטע האָרעפּאַשנע מאַסן פון קליינבירגערטום און אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ, די סוחרים, אינדוסטריעלער א. א. וו.

דער „איבערבוי" שטרעבט צו פאַרוואַנדלען זיך אומעטום אינם יסוד פון אידישן לעבן.

אַלע לעבעדיקע אַקטיווע פאָלקס־כוחות, וואָס שטייען אויפן באָדן פון איבערבוי אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי און ריכטונג, דאַרף מאָביליזירט ווערן אין קאַמף פאַרן קיום האומה און זיך שטעלן צו דער רעטונגס־אַרבעט.

דער גורל פון איבערבוי געפינט זיך אייגנטלעך אין די הענט, פון די אידישע מאַסן, ווייל דער שווערפּונקט פון דער פּראָבלעם ליגט נישט אין אויסערלעכע פאַקטאָרן. דער „איבערבוי" שטעלט זיך נאַציאָנאַלע צילן — דעריבער פאָדערט ער די אָנשטרענגונג פון אלע פאָלקס־כוחות. כדי דורכצופירן דעם איבערבוי אין אַ גרעסערן פאַרנעם און כאַראַקטער דאַרף פאָראויס זיך שאַפן אַ גרויסע פאָלקס־באַוועגונג אין וועלכער יעדער איד זאָל ווערן דער אַקטיווער טרעגער פון דער איבערבוי־אידייע.

דאָס איז ניט קיין קאָמפּליצירטע טעאָריע, נאָר ביז גאָר איינפאַכע און קלאָרע געדאַנקען, וואָס וועלן זיך גלייך לייגן אויפן שכל־הישר פון סאַמע פּשוטסטע מאַסן־מענטשן. עס איז ניטאָ קיין איין איד, וואָס זאָל דאָס נישט באַנעמען, וואָס זאָל ניט קענען דורכדרינגען זיך דערמיט און פון דעם ציען פאַר זיך דעם געהעריקן פועל־יוצא.

ווי קען געשאַפן ווערן אַ פאָלקס־באַוועגונג פאַרן „איבערבוי"? ווי אַזוי קומט מען צום אידן פון אַ גאַנץ יאָר?

דער אַרט דענקען ביי די פאָלקס־מאַסן איז תמיד אַ קאָנקרעטער און אַ זאַכלעכער, דאַרף מען קומען צו זיי מיט קאָנקרעטע

און זאַכלעכע ענינים און מיט אַ גאַנץ באַזונדערן דירעקטן און אינ־דיווידועלן וועג. ניט בלויז דורך מאַסן־פאַרזאַמלונגען און אַלגעמיינע ווענדונגען, נאָר דער עיקר און אין דער ערשטער ריי — אוממיטל־באַר און פּערזענלעך, פון יחיד צו יחיד.

ווי אַזוי זאָל דאָס פּאַרקומען?

קודם כל דאַרף צוזאַמענגעשטעלט ווערן אַ קורצע דעקלאַראַציע, וואָס זאָל אין אייניקע קלאָרע און פּשוטע טעזיסן פאָרמולירן ער־שטנס די צילן פון „איבערבוי" און צווייטנס אירע נאָענטסטע קאָנ־קרעטע אויפגאַבן.

די דאָזיקע דעקלאַראַציע, וועלכע וועט געטראָגן ווערן פון הויז צו הויז, פון וואַרשטאַט צו וואַרשטאַט, דאַרף מיט די מיטלען פון אינדיווידועלער אַגיטאַציע אַרויסבאַקומען די הסכמה פון יעדן יחיד, און אַזוי אַרום פאַרוואַנדלען זיך אין אַ פאָלקס־וואָטום פונם גאַנצן כלל.

געוויס איז דאָס גאָר ניט קיין לייכטער מעטאָד, ער פאָדערט אומגעהויערע כוחות, עקשנות, פאַנאַטישע איבערגעגעבנקייט און קען, נאַטירלעך, ניט פאַרווירקלעכט ווערן פון היינט אויף מאָרגן.

דאָ עפנט זיך אָבער אויף אַ זייער ברייט פעלד פאַר אַקטיווער איבערבוי־טעטיקייט, אין וועלכער עס דאַרף אַריינגעצויגן ווערן אין דער ערשטער ריי די יוגנט.

בדרך כלל איז אין יעדער אָרגאַניזאַציע די מעגלעכקייט פאַר אַקטיווער אַרבעט געגעבן נאָר דעם אָנפירער שיכט, דעם אַפּאַראַט, וואָס שטייט אין דער שפּיץ.

דער כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט איז כמעט תמיד אַזאַ, וואָס פאָדערט געוויסע קוואַליפיקאַציעס און אַ געהעריקע פאָר־ברייטונג. פירן שריפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע, אַרויסטרעטן מיט פאָר־טראַגן אויף פאַרזאַמלונגען, דורכפירן אַלגעמיינע אָרגאַניזיר־פּלענער זיינען באַרופן נאָר אויסדערוויילטע, קוואַליפיצירטע געזעלשאַפטלע־כע טוער. וויל מען אָבער אַקטיוויזירן דעם געוויינלעכן מיטגליד, דאַרף מען ד' אַרבעט אַזוי אָרגאַניזירן אַז זי זאָל קענען דורכגעפירט ווערן אָן באַזונדערע קוואַליפיקאַציעס און פאָרברייטונג. דאָס איז מעגלעך, נאָר ווען עס ווערט געלייגט אַלס יסוד די מונדלעכע אַגי־טאַציע פון יחיד צום יחיד. יענע עלעמענטאַרע אַגיטאַציע, וואָס קאָנצענטרירט זיך אין אייניקע איינפאַכע און קלאָרע לאָזונגען, און וואָס יעדער יחיד אין זיין אייגענער נאָענטער סביבה איז צום בעס־טן מסוגל דורכצופירן זי, און נאָר אַזאַ עלעמענטאַרע אינדיווידועלע

אגיטאציע וועט מעגלעך מאכן, אז די איבערבוי־אידייע זאל אריינ־דרינגען אפילו אין יענע שיכטן, וואס זיינען נאך ניט גערירט געוואָ־רן פון קיין שום געזעלשאפטלעכער אגיטאציע.

דאס שליסט ניט אוים די נויטווענדיקייט צו אנטוויקלען גלייכ־צייטיק די ברייטסטע עפנטלעכע שריפטלעכע און מונדלעכע פראָפּאַ־גאנדע דורך צייטשריפטן, פלוג־בלעטלעך, כלערליי פארזאמלונגען און מיטינגען, וואו עס זאל אלזייטיק אויפגעקלערט ווערן ניט נאר די צילן פון „איבערבוי", נאר אויך די קאנקרעטע וועגן און מיטלען פאר זיין פארווירקלעכונג. די אינדיווידועלע מאסן־אגיטאציע גופא, וואס וועט ארויסרופן א ברייטן און לעבהאפטן אינטערעס צו דער איבערבוי־אידייע, וועט שאפן דעם גינסטיקן באדן פאר דער דאָזי־קער פראָפּאגאנדע.

## די ביודזשעט־פראַגע פאַר די אידישע אינסטיטוציעס בכלל און פאַר „איבערבוי" בפרט

דער ביודזשעט פון אלע פעלקער ווערט צוזאמענגעשטעלט פון די פארשיידענע צווייגן פון די מלוכה־הכנסות. שטאטן, וועלכע באַ־זיצן די מאכט קענען זיך באנוצן מיט א צוואנג אין פיזישן און מאָ־ראלישן זין כלפי זייערע בירגער, באקומען פארשיידענע הכנסות פון דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן, פון אימפארט און עקספאָרט, פון שטאטלעכע אינדוסטריעס און האנדלס־אונטערנעמונגען, אינער־לעכע און אויסערלעכע הלוואות, לאָטעריעס א. א.

מיט דער זעלבער פריווילעגיע פון צוואנג־שטייערן באדינען זיך אויך די מוניציפאלע אינסטיטוציעס, וועלכע שאפן זיך אויך ספּע־ציעלע קוועלן פון הכנסה לויט די ספּעציפישע באדינגונגען פון לאנד.

איבעראל ווערן די ביודזשעטן אויסגערעכנט און צונויפגע־שטעלט לויט די הוצאות פון דער מלוכה־ווירטשאפט און אויף דער באזע קאלקולירט זי די הכנסות.

מיר אידן, האָבן א סך אינסטיטוציעס אין גלות, וועלכע האָבן א נאציאנאל־שטאטלעכע באדייטונג, ווארום זיי באשעפטיקן זיך ניט בלויז מיט די באדערפענישן פון לאָקאלן כאראקטער, נאר מיט אזעל־כע אויפגאבן, וואס האָבן א וויכטיקע און ווייטגייענדיקע באדייטונג פארן אלוועלטלעכן אידנטום. פאר די אידישע מאסן, וואס זיינען צע־זייט און צעשפּרייט איבער די לענדער פון דער וועלט.

קוקט מען זיך צו צו די אקטיוויטעטן פון די אידישע וועלט־

אָרגאַניזאַציעס — האָבן מיר פאַר זיך אַ אידישן מלוכה־אַפּאַראַט מיט זיינע אָפּצווייגונגען: אידישער וועלט־קאָנגרעס, עמיגראַציע געזעלשאַפט, קאָלאָניזאַציע געזעלשאַפט, „אָרט", „אָזע", „איוואָ" א. א.

די דאָזיקע אַלע אָרגאַניזאַציעס פאַרן אַלוועלטלעכן אידנטום געברויכן פאַר זייער סובסיסטענץ גרויסע געלט־מיטלען. די הוצאות זיינען היפּשע, אָבער שווער קומט עס אָן מיט די הכנסות, וואָס זיי־נען זייער פּראָבלעמאַטיש. די הכנסות זיינען פון קאַמפּיינען, וואָס האָבן אַלס באַזע די פילאַנטראָפּישע מעטאָדן פון זאַמלען געלט פון שטוב צו שטוב דורך ספּעציעלע שלוחים, אַ נייע פאָרם פון דער באַ־רימטער פּושקע. מען דערוועקט ביים אידן דאָס צדקה־געפיל, דאָס ווייכע האַרץ פון רחמנים בני רחמנים. אַזעלכע מעטאָדן דערנידערי־קן די אינסטיטוציע, פאַר וועלכע מען קלייבט, פאַרמינערט דעם פּרעסטיזש און ברענגט נישט מאַטעריעל דעם נוצן, וועלכן מען דער־וואַרט. די ביודזשעטן פון די אידישע אינסטיטוציעס זיינען אָנגע־וויזן אויפן ריינעם צופאַל, זיי זיינען גראָשנדיקע און נעבעכדיקע. זיי דערלויבן קיינמאָל נישט אויסצופירן דאָס געפּלאַנטע. אויף דער דאָזיקער וואַקלענדיקער באַזע וועגעטירן אויך אונזערע „קאָמונאַלע" אינסטיטוציעס, וועלכע דאַרפן אויסהאַלטן שפּיטעלער, אַזילן, שולעס א. אנד.

צוליב אויסערלעכע סיבות: קריזיסן, פאַרפאַלגונגען, נישט גע־לונגענע קאַמפּיינען, ווערט באַדראָט דער עצם עקזיסטענץ פון די דערמאָנטע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, זיי ווערן אָפט פאַראַליזירט און מוזן אַפילו אינגאַנצן אָפּשטעלן זייער טעטיקייט.

אַ נאַציאָנאַל־שטאַטלעך דענקענד פאָלק קאָן נישט דולדן אַזאַ דעמאָראַליזאַציע, אַזאַ בזיון פון זיינע פאַר אים לעבנס־וויכטיקע אינ־סטיטוציעס, וואָס זיינען זיין חוט השדרה.

מען מוז דעריבער מאַכן אַן איבערשאַצונג בנוגע דעם אופן ווי אַזוי צו פינאַנסירן אונזערע רעסאָרטן דורך אַזאַ ווירדיקער און וויר־קנדיקער מעטאָדע, וואָס זאָל נישט זיין קיין אומכבוד פאַרן פאָלק און פאַרן עצם פון די אינסטיטוציעס. דערמיט זאָלן אונזערע וועלט־אָרגאַניזאַציעס צוריקבאַקומען זייער חשיבות און מלוכה־פאַרנעם.

אונזער ביודזשעט דאַרף ווערן אַ מער זיכערער יש, וואָס באַ־זירט זיך נישט אויף די אַלטע פילאַנטראָפּישע און הומאַניטאַרע מעטאָדן, וועלכע דערוועקן ביי די געבער אַ נעגאַטיווע ביטול־באַצי־אונג. מיר וואָלטן געדאַרפט עפּעס אָפּלערנען ביי די אַנדערע פעלקער,

איניקע מעטאָדן זייערע, ווי אַזוי צו באַרייכערן די מלוכה־קאַסע קאָנען אונז אויך צונוץ קומען.

נאַטירלעך קאָנען מיר נישט מאַכן רעספּעקטירן אונזערע שטייער־פּאָדערונגען דורך דעם צוואַנג־ און מאַכט־פּאַקטאָר. אָבער זיינען דאָך אונזערע שטייער־פּרעטענזיעס די סאַמע באַרעכטיקסטע, די סאַמע עקאָנאָמישסטע, די סאַמע באַשיידנסטע: מיר האַלטן נישט אויס קיין שטאַב מיט ביוראָקראַטן, מיר האָבן קיין קריגס־הוצאות, קיין קריגס־פּלאַנען און אַוויאַציע. אונזער זיבעצן־מיליאָן־פּאָלק האָט אַ זייער באַשיידענעם ביודזשעט. ביי אונז טוט די אַרבעט פון צען מענטשן איין און איינציקער, ביי אונז אַרבעטן אַ סך אומבאַצאָלטע לטובת הכלל. אָבער פאַר דעם דאָזיקן קליינעם ביודזשעט מוזן מיר אויך קעמפן. מיר באַזיצן לעת עתה נישט יענע צוואַנגס־קראַפט, אָבער מיר זיינען אומשטאַנד נאָך צו מאַכן רעספּעקטירן אונזער ווילן דורך אַנדערע פאַקטאָרן. אָט זיינען מיר נאָך אומשטאַנד צו וועקן דעם אחריות־באַוואוסטזיין ביי אונזערע מאַסן דורך דער דערציאונג און דורך דער קאָלעקטיווער סוגעסטיע; מיר קענען אויסאיבן אַ פּסיכאָלאָגישן דרוק אויף די, וועלכע שטייען אין אַ זייט: קיין איד וויל היינטיקע צייטן ניט שטיין מחוץ למחנה, קיינער וויל ניט ווערן פאַרשריבן אַלס בוגד. מיר קענען ווירקן אין דערציערישן זין, דורך די לערער, דורך די לערן־ביכער, אויך קולטיווירן אַ פאַרערונג פאַר אונזערע פאָלקס־העלדן, איינאָרדענען ימים־טובים אין דעם זין, אויסצייכענען, פּרעמירן די וואָס לייסטן גרויסעם פאַרן גונסטן פון גאַנצן פאָלק. די יוגנט מוז ווערן דערצויגן אין אחריות און קאָלעקטיוון זין, אַז כל ישראל חברים, אַז די אויפלעבנדע כוחות פון אַלע געביטן פון אונזער לעבן אַרבעטן פאַרן וואוילזיין פון גאַנצן פאָלק, אַז אַלע דאַרפן זיין גרייט צו ברענגען קרבנות פאַר דער אַלגעמיינער פאָלקס־זאַך, ווייל דאָס דאָזיקע ליגט דאָך אויך אין אונזער פאָלקס־טראַדיציע, אַז מיר האָבן תמיד מקיים געווען דאָס געבאָט פון זאָרגן פאַרן קיום פון גאַנצן פאָלק.

אין נאַציאָנאַל־שטאַטלעכן זין מוזן מיר אָפּוואַרפן די אַלטע מעטאָדע פון זאַמלונגען. אויפן אָרט פון שטייערן מוזן מיר באַקומען ב יי ש ט יי ע ר ו נ ג ע ן.

עס וואָלט געדאַרפט געגרינדעט ווערן אַזאַ מין פּ אָ ל ק ס־פּ אָ נ ד, וואָס זאָל ווערן דער יסוד פון פאָלקס־ביודזשעט און פינאַנצן. דער פאָלקס־פאָנד וועט ווערן אַ הייליקע פאָלקס־זאַך, אַ נאַציאָנאַלער ביישטייערער, צו וועלכן יעדער איד אָן אויסנאַם וועט זיך

מוזן ביישטייערן. ער וועט מוזן טאָן דורך דעם נאַציאָנאַלן, מאָראַ־לישן צוואַנג — סאָלידאַריטעטס געפיל און דיסציפּלין. יעדער וועט זיין פאַרפליכטעט צו געבן זיין תרומה צום פאָלקס־פאָנד מיט אַ יערלעכער געוויסער סומע, וואָס זאָל באַדייטן זיין גרעסטע אָנ־שטרענגונג. צו דעם דאָזיקן צוועק וועט מוזן ווערן דורכגעפירט אַ יערלעכער קאַמפּיין מיט אַן אינטענסיווער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס זאָל אונטערשטרייכן זיין נאַציאָנאַלע באַדייטונג און פאַרנעם. עס מוז באַטאָנט ווערן דרינגענד, אַז מיר געפינען זיך כמו אין קריגס־צו־שטאַנד: אַ סך פעלקער האָבן אונז דערקלערט אַן אויסראָטונגס־מלחמה. אין מלחמה־צייט מוז מען מאָבילידירן אַלע מאַטעריעלע און מאָראַלישע כוחות, מען מוז שאַפן אַ נאַציאָנאַלן פראָנט, וואו עס זאָלן קומען צום אויסדרוק די אחדות און די נאַציאָנאַלע דיסציפּלין. אין קריגס־צושטאַנד איז אַ פאָלק מסוגל אויף זיך צו נעמען די גרעס־טע גזירות און חומרות, ווייל עס פאַרשטייט דורך זיין פּאַטריאָטיש געפיל, אַז עס האַנדלט זיך אום זיין קיום. און דער קיום פון אידישן פאָלק איז איצט באַדראָעט. מען איז איצט אין סכנה צו פאַרלירן אי די עקאָנאָמישע אי די קולטורעלע דעראָבערונגען. מען דאַרף זוכן אויסוועגן צו אונזערע קריטישע פּאָזיציעס, וואָס קענען איצט ווע־רן אָנגעגריפן פון שונא, אין אַזעלכע קריטישע מאָמענטן איז דאָך נישט שייך נישט געבן. עס ווערט דאָך אַ נאַציאָנאַלע פליכט.

אויך קענען מיר אימיטירן די מלוכות ווי אַזוי צו שאַפן קוואַ־לן פון הכנסות דורך פאַרשידענע אונטערנעמונגען. אויב מיר קענען דאָס נישט טאָן דורך מאָנאָפּאָליזאַציעס, מיר זיינען דאָך אַן עקס־טעריטאָריעל פאָלק, קענען מיר דאָך אויסנוצן פאַרשידענע קאָמער־ציעלע און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס קענען אַריינברענ־גען גרויסע פּראָפיטן לטובת אונזער פאָלקס־קאַסע. זענען דאָך אידן באַקאַנט אלס דערפאַרענע אונטערנעמער פאַר זייערע אינדיווידועלע צוועקן אין יעדן לאַנד, וואו זיי קומען אָרדענען זיי איין אינדוס־טריעס, קאָמערציעלע אונטערנעמונגען, און תמיד מיט גרויס דער־פאָלג. עס איז דעריבער צו באַוואונדערן, וואָס אַט די זעלבע פּעאיקע מענטשן האָבן קיינמאָל נישט געפּרואווט איינאָרדענען אַזעלכע אונ־טערנעמונגען פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן, וואָס וואָלטן אַ דאַנק דער אידישער דערפאַרונג זיכער געווען מזליק.

אונז איז באַקאַנט, למשל, א סך פאַלן פון פאַרשידענע נישט־אי־דישע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס און אָרדנס, וואָס האָבן ריזיקע אונ־טערנעמונגען, וועלכע ברענגען זיי אַריין גרויסע רווחים, און די

דוּחים מאַכן זיי אוּמאָפּהענגיק פון וועלכער עס איז שטיצע פון דרוי־סן. מיר קענען: די ריזיקע ווינקעלערס פון די קלויסטערס, די זייער לוקראַטיווע אונטערנעמונגען פון בענדיקטינער ליקאָרן, פון פּאַרפּוּם און אַנדערע פּרוויען־טואַלעט־אַרטיקלען, די עקספּלאָטאַציע מצד די מיסיאָנערישע געזעלשאַפטן פון מינעס, שיפן, טראַנספּאָרט, פון פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן, פון די גרויסע דעפּאָזיטן פון אַלטע גע־ניצטע זאַכן, וועלכע פאַרשידענע שיכטן ברייינגען פּרייוויליק, און וועמענס ליקווידאַציע ברייינגט היפּשע קאַפּיטאַלן פאַר די פאַרשידע־נע אינסטיטוציעס. פאַרוואָס זאָלן מיר נישט קענען זיי אימיטירן און אַזוי אַרום באַקומען אַזעלכע קוואַלן פון הכנסה?

דאָס אויבנגעבראַכטע איז נאָר אַן אָנדייטונג ווי אַזוי צו סאַ־נירן אונזערע פאָלקס־אינסטיטוציעס, וואָס מוזן ווערן אַ כבוד פאַרן אידישן פאָלק. עס איז די העכסטע צייט זיך דעריבער צו פאַרטראַכט־טן.

---

# מיינונגען פון באַוואוסטע ציוניסטישע עסקנים און שרייבער וועגן חלוציזם און אַגראַריזאַציע אין די גלות-לענדער

אין די פאַרייניקטע שטאַטן פונקט ווי אין ארץ ישראל, אין ארץ ישראל פונקט ווי אין אַרגענטינע. אויף דער גאַנצער וועלט האָ־בן זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן פאַרשיידענע שטימען, וועלכע האָבן נישט געוואוסט איינע פון די אַנדערע, און אַלע טענה׳ן זיי דאָס זעל־בע — עס מוז קומען אַן איבערוועדטונג פון אַלע אָנגענומענע אי־דישע ווערטן, אַן איבערשאַצונג פון אַלע אונזערע אוצרות, אַן אומ־שיכטונג און באַנייאונג פון אונזער גאַנצן סאָציאַל־עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן. די ספּאָנטאַנע איינשטימיקייט, וועלכע איז דער־גרייכט געוואָרן, אָן קיין שום פריערדיקן צוזאַמענרעדן זיך, צווישן מענטשן פון פאַרשיידענעם עלטער, שטאַנד, געדאַנקען־גאַנג און וואוינונגס פּלאַץ, איז אַ סימן מובהק, אַז אין זייערע שטימען רעדן נישט דער אָדער יענער יחיד, נאָר ס׳רעדט די צייט.

קול העם כקול שדי. אַ בת קול איז איבערגעגאַנגען פון איין ווינקל צום אַנדערן פון די תפוצות ישראל. דער פיינער געהער פון גרעסערע אָדער קלענערע וואַכזאַמע אידישע גייסטער האָט דעם בת־

קול אויפגעכאפט, און איבערגעגבן דעם פאָלק, יעדער איינער אין זיין אייגענעם פערזענלעכן טאָן.

די איידלסטע מאָדולאַציע האָט דער בת קול געפונען אונטער דער פען פונעם זקן מופלג, ר׳ בנימין, איינער פון די וועטעראַנען פון דער העברעאישער ליטעראַטור, אַ ציוני פונם אַלטן, ליידער שוין פאַרגייענדיקן שניט, און אַן ארץ ישראלדיקער תושב.

שרייבט ר׳ בנימין אין לעצטן באַנד „מאָזנים", פון אייר תרצ"ח, וועגן דער אידישער לאַגע אין דער וועלט. זיין מאמר הייסט: „מראות ונתיב". ער באַשרייבט אין קורצן די פּאָליטישע געשעענישן, וועלכע האָבן דערפירט דעם מזרח און צענטראַל אייראָפּעאישן אידנ־טום צו זיין איצטיקן מצב; מאַכט נאָכער אַ שנעלן איבערבליק פון די חזיונות און נביאות, אין וועלכע די אידישע נביאים פון לעצטן יאָרהונדערט, אָנהויבנדיק מיט היינען און ענדיקנדיק מיט נתן בירנ־בוימען, האָבן פאָראויסגעזאָגט אונזער קעגנווערטיקע טראַגישע אי־בערלעבונגען, און פאַרגעשלאָגן פאַרשיידענע וועגן, וועלכע דאַרפן פירן צו דער סאַנאַציע פון אידישן לעבן, פאָדערט פון פאָלק ער זאָל אויפהערן צו שטעלן זיינע האָפענונגען אויפן פעלקער בונד און אויף ענגלאַנד, ווייל קיין שום גרויסע מדינה אין דער וועלט וועט נישט שטעלן אין אַ סכנה אירע אייגענע אינטערעסן צוליב די אונזעריקע, און שלאָגט פאָר אַלס איינציקע רפואה — צוריקקער צו פיזישער אַרבעט, מלאכה און לאַנדווירטשאַפט.

צוריקקער צום אייגענעם פאָלק, צום אייגענעם איך;

אויפהערן נאָכלויפן נאָך פאַרדינסטן, נאָך סוחרישע פּרנסות, נאָך לייכטע שטעלעס, נאָך עושר און רייכקייט, נאָך אַ באַקוועם לע־בן. ווייל די רייכטימער וועלן סיי ווי סיי פאַרלוירן גיין, און איבער־לאָזן נאָך זיך נאָר אַנטוישונג, אין דער צייט וואָס דער עולם גולם איז אונז אומזיסט מקנא די הבל־הבלימדיקע עשירות, וואָס דער ער־שטער ווינט וועט אָוועקטראָגן.

אויפהערן צו לעבן אין די גרויסע שטעט, וואו די אידישע לאַ־גע וועט ווערן מיט יעדן טאָג ערגער און ערגער.

באַזעצן זיך אויף פעלד.

בויען דערפער און קאָלאָניעס איבער דער גאַנצער וועלט.

ניט וואַרטן ביז אונזערע שונאים וועלן אונז צווינגען דערצו.

אויסלערנען אונזערע קינדער עפעס אַ האַנט־אַרבעט.

אויסלערנען זיך צו באַגיין מיט ווינציק.

אויסלערנען זיך באַשיידנקייט און פשטות.

ווען מיר זאָלן געווען אַזוי האַנדלען צוריק מיט צוואַנציק יאָר, וואָלט אונזער לאַגע זיכער געווען אַ פּריילעכערע. דער אַנטיסעמי־טיזם וואָלט נישט געהאַט ביי וואָס אָנצוטשעפּען זיך אָן אונז, און אין ערגסטן פאַל, וואָלט אונז איבערגעבליבן אַ נחמה, אַ טרייסט וואָס פעלט אונז איצט: מיר וואָלטן געפילט דעם טעם פונעם פּערז:

לא לך החרפה כי אם למעניך.

ר' בנימין ברענגט דאָן אַ ציטאַטע פון אַן אַרטיקל פון אברהם רגלסון — אַ יונגער מיטאַרבעטער פון „דבר" — וואָס איז דערשי־נען אינם זשורנאַל „ניב". רגלסון שלאָגט פאָר מיר זאָלן זיך אַראָפּ־נעמען אַ ביישפּיל פון די ארץ ישראלדיקע חלוצים און לייזן אויף אַן ענלעכן אופן די פראַגע פון פּרנסה פאַר דער אידישער יוגנט אין אַמעריקע. מען דאַרף גרינדן, לויט זיין מיינונג, גרויסע קאָאָפּעראַ־טיווע דערפער, וועלכע זאָלן קאָנען אַריינעמען אין זיך מענטשן פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס און פאַרשיידענע נייגונגען. פאַר דעם על־טערן דור, וועלכער קען שוין נישט דורכמאַכן קיין ראַדיקאַלע אי־בערשיכטונג, איז געוואונטשן צו באַזעצן זיך אין ביישטאָטישע קאָ־לאָניעס. פאַרוואָס זאָל מען זיך שטופּן נאָר אין די קראָמען אַריין, בדי צו פאַרדינען לעבערלעכע געהאַלטן אַלס קליינע אָנגעשטעלטע אָדער אַרומדרייען זיך פּוסט און פּאַס, און וואַרטן אַף ניסים?

דאָס איז אַ באַוועגונג, וועלכע איז ניט סותר דעם ציוניזם און וויל נישט קאָנקורירן מיט אים. פאַרקערט, זי וועט אים העלפן מיט אַלע אירע כוחות.

די יוגנט, וואָס האָט געשאַפן דעם „החלוץ" פאַר ארץ ישראל, דאַרף איצט שאַפן דעם „החלוץ" פאַר די גלות־לענדער.

מיט די ווערטער ענדיקט ר' בנימין זיין אַרטיקל. יעקב פיכמאַן, דער רעדאַקטאָר פון „מאזנים" איז מוסיף אין זעלבן נומער איניקע שורות, אין וועלכע ער באַדויערט וואָס תל־אביב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָט פון קראָמען און קאַפע־הייזער, און דריקט אויס זיין פולע איינשטימיקייט מיטן חשובן מיטאַרבעטער פון זיין זשורנאַל.

דריי ארץ ישראלדיקע שרייבער פון פאַרשיידענעם עלטער און פאַרשיידענע געדאַנקען־וועלטן, פון וועלכע צוויי האָבן זיך קונה־שם געווען אין דער העברעאישער ליטעראַטור, פאָדערן אַלזאָ, אַ חלוצי־שע באַוועגונג, וועמענס צוועק זאָל נישט זיין ארץ־ישראל. אין אַר־גענטינע רעדט מען שוין וועגן אַזעלכע זאַכן זייט אַ לענגערע צייט, אַלנפאַלס זייט עס האָט זיך געגרינדעט די געזעלשאַפט „איבערבוי".

אין אַן אַנדער לאַנד, די פאַראייניקטע שטאַטן, אויף אַן אַנדער שפּראַך, אידיש, האָט אַ ציוניסטישער פּובליציסט פון אַ ראַדיקאַלער אָריענטאַציע, א. רעוואוצקי, אַרויסגעטראָטן מיט מער ווייניקער די זעלבע מיינונגען אין אַן אַרטיקל וועגן „ציון און מאַדאַגאַסקאַר", וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרקער „דער אידישער קעמפּער", וואָ־כנבלאַט פון דער פאַראייניקטער אידישער סאָציאַליסטישער אַרבע־טער־פּאַרטיי פּועלי־ציון־צעירי־ציון.

אין די זכרונות פון דר. הערצל, דערמאָנט רעוואוצקי, ווערט איבערגעגעבן אַ געשפּרעך, וואָס הערצל האָט געפירט וועגן פּאָליטי־שן ציוניזם מיטן דייטשן קעניג ווילהעלם, אין דער אָנוועזנהייט פון זיין קאַנצלער פירשט בילאָוו. נאָכדעם ווי הערצל האָט דערקלערט זיין וואונטש, האָט בילאָוו זיך אָפּגערופן:

— דער ציוניזם איז זייער אַ שיינע אידייע. דייטשן וואָלטן זי אָבער געדאַרפט פאַרווירקלעכן, און נישט קיין אידן...

ווען בילאָוו וואָלט געזען, וואָס די אידן האָבן אויפגעטאָן אין ארץ ישראל, וואָלט ער זיך איצט אַנדערש אויסגעדריקט. רעוואוצקי באַנוצט אָבער בילאָווס געדאַנק, אין אַ פאַרשיידענער פאָרמע. ער זאָגט:

— דער פּלאַן וועגן מאַדאַגאַסקאַר איז אַ גאַנץ פיינער, אָבער דאָס זאָלן ציוניסטן מאַכן, און נישט סתם אידן.

דאָס הייסט, אויב מען וויל, אַז פונעם פּלאַן וועגן אַן אידישער קאָלאָניזאַציע אויסער ארץ ישראל זאָל עפּעס אַרויסקומען, וואָלט מען אין אים באַדאַרפט אַריינלייגן, כאָטש אין אָנהויב, עטוואָס פון דער דערפאַרונג, באַגייסטערונג און מענטשן מאַטעריאַל, וועלכע האָבן כאַראַקטעריזירט די באַוועגונג פאַרן אויפבוי פון ארץ ישראל.

רעוואוצקי זאָגט:

„ביי דער ריזיקער נויט, אין וועלכער פּוילישע אידן געפינען זיך ביי היינטיקן טאָג, האָבן מיר דאָרט א פיל גרעסערן רעזערוו פון חלוצים איידער מיר קענען אויסנוצן אין די נעקסטע פּאָר יאָר פאַר ארץ ישראל. אפילו ווען עס זאָל געשאַפן ווערן די געפּלאַנטע אידישע מלוכה, וועלן מיר א גרויסן טייל פון איר באַשרענקטער אויפנאַמס־פעאיקייט מוזן אויסטיילן פאַר די אידן פון דייטש־לאַנד, פון אַנדערע אייראָפּעיאישע לענדער, און בפרט פון די מאַכ־מעדאַנישע מלוכות אין נאָענטן מזרח, וואו די לאַגע פון די אידן וועט ווערן לחלוטין אוממעגלעך נאָכן אָנהויב פונעם אַראַבישן

טראַנספער פונעם אידישן טייל פון ארץ ישראל. שוין ביים היינ־
טיקן טאָג האָבן מיר אין פוילן קאָלאָניעס פון חלוצים, וועלכע האָבן
באין ברירה אָנגעהויבן זוכן פרנסה פון בויישטאָטישער לאַנדווירט־
שאַפט אין פוילן גופא, וועט עס ניט זיין אַ פאַרראַט פון ציוניזם,
אויב מיר וועלן אָנבאָטן אַ טייל פון זיי צו ווידמען זייער שאפנדע
ענערגיע אויף צו לייגן דעם פונדאמענט פון אַ נייעם אידישן ישוב,
וועלכער וועט נישט נאָר ראטעווען זיי פערזענלעך פון עקסטרעמער
נויט, נאָר אויך העלפן צו לייזן די אידישע פראגע אין דעם לאנד,
וואו זיי וואוינען איצט.

„עס וועט קומען אַ צייט — און די צייט איז גאַנץ נאָענט —
ווען די ציוניסטישע באַוועגונג, אינעם ברייטערן זין פון וואָרט,
וועט זיך פילן שטאַרק גענוג צו דערציען די גאנצע אידישע יוגנט
אין פוילן אַלס חלוצים. א טייל פון זיי וועלן געשיקט ווערן קיין
ארץ ישראל, און דער אנדערער טייל וועט באנוצט ווערן פאַר א
רעגולערער אידישער אימיגראציע אין אַנדערע לענדער, וואו אידן
וועלן אין ענגער פארבינדונג מיט ארץ ישראל, שאפן נייע און מער
געזונטע פאָזיציעס אוידער די, וואָס זיי פארנעמען איצט אין די
אנטיסעמיטישע לענדער פון מזרח־איראָפּע".

אויך מאיר גראָסמאַן, וועלכער פארטרעט גאָר אַן אַנדער פּאָ־
ליטישע ריכטונג אין ציוניזם, ווי די אין וועלכע רעוואוצקי איז אָנ־
געשלאָסן, האָט אין זיין אַרטיקל וועגן „די רעגולירונג פון דער אי־
דישער עמיגראציע פון ציוניסטישן שטאַנדפונקט" אַרויסגעזאָגט ענ־
לעכע מיינונגען. גראָסמאַן זעט אינעם אידנטום פון די גלות־לענדער
דעם אומשעצבאַרן רעזערוואַר, וואָס
אַנטהאַלט די פּאָטענציעלע מענטשלעכע
און מאַטעריעלע קרעפטן פאַר דעם אי־
דנשטאַט". עס וואָלט דעריבער געווען אַ פארברעכן נישט אָפּ־
צוהיטן דעם רעזערוואַר, וועלכער שטילט די פאָלקס־דורשטן און
טרינקט אָן די נאַציאָנאַלע פעלדער. מוז מען דעריבער „זוכן צייט־
ווייליקע" (צייטווייליק קאָן אויך באַדייטן תקופות און דורות) פלע־
צער, וואו אונזער נאַציאָנאַלע רעזערוון זאָלן נישט נאָר דערהאַלטן
ווערן, נאָר ווערן שטאַרקער, געזונטער, גרעסער". „אַנשטאָט צו
האַלטן אונזערע נאַציאָנאַלע רעזערוון אין דעגענערירנדיקע פוילישע
און רומענישע שטעטלעך, איז בעסער איבערצופירן זיי אין לענדער,

וואו דער באָדן איז פעטער, די באַציאונגען מענטשלעכערע און די אויסזיכטן גרעסער".

מיר'ן נישט זאָגן, אַז די אַלע געדאַנקען זיינען הונדערט פּראָצענטיק נייע. די צייט האָט נאָר גורם געווען דערצו, אַז א. ד. גאָרדאָנס ווערטער זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין דער ווירקנדיקער לאָזונג, אויף וועלכע אַלע ציוניסטישע ריכטונגען זיינען היינט איינשטימיק. און וואָס האָט גאָרדאָן געזאָגט? ער האָט געזאָגט —

„אין דער זעלבער מאָס, וואָס עס פּראָגרעסירט אונזער אויפלעבונגס־אַרבעט אין ארץ ישראל — פּונקט אזוי ווערן די לענדער, וואו מיר וואוינען, אַלץ ווייניקער „גלות" פאר אונז. זיי ווערן וואוינונגס־לענדער, וואו עס געפינען זיך טיילן פון אונזער פאָלק, אַזוי ווי עס וואוינען טיילן פון אַנדערע פעלקער אין אנדערע לענדער. ווייל אין אזא לאגע ווערן די אידן אין זייערע פארשיידענע וואוינונגס־לענדער, ניט נאָר אַקטיווירט און באַווירקט, נאָר אויך זיי אליין ווערן אקטיוו און באקומען א השפעה. דאָס וועט ניט נאָר ניט אָפּציען די אויפמערקזאמקייט פון די אידן לגבי ארץ ישראל, נאָר פּונקט פארקערט, ס'וועט נאָך פאַרטיפן אין זיי דאָס געפיל און די באַדערפעניש צו לעבן מיטן לעבן פון ארץ ישראל, דאָס פלאץ און ערשטן מקור פון אונזער זעלבסטשטענדיקן לעבן און שאפן".

ר' בנימין, אברהם רגלסון, יעקב פיכמאַן, א. רעוואוצקי, מאיר גראָסמאַן, א. ד. גאָרדאָן. אויב ציטאַטן קאָנען באווייזן אַן אמת, האָבן מיר געבראכט גענוג באווייזן דערצו. דער בעסטער באווייז איז, אָבער, דער פאקט וואָס דאָס לעבן באַשטעטיקט די ווערטער פון די אידישע שרייבערס און דענקערס. זייער שטים איז געוואָרן דער בת קול פון די אומשטענדן. אויף דעם וועג וואָס זיי ווייזן אונז אָן מוזן מיר גיין, כדי צו נאָרמאַליזירן דאָס אידישע לעבן, ווייל קיין אנדערער איז נישטאָ. חלוציזם בלייבט דאָס לעצטע וואָרט — חלוציזם פאַר די תפוצות ישראל.

# LAS POSIBILIDADES DE UNA INMIGRACIÓN y COLONIZACIÓN JUDIA EN LOS PAISES SUD AMERICANOS



Recopilado por Z. SCHVARTZ

Editado por la Sociedad "IBERBUI"



Buenos Aires

1 9 3 8

Imprenta POLIGLOTA, Corrientes 3114, Buenos Aires.